# יידישע שול אין מעקסיקע

○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○ ○

א מתנה פארן תלמיד — שי לתלמיד

צום סיום פון פאלקשול — בסיום הלימודים ביסודי
מיט די הארציקסטע ברכות: — בצרוף ברכותי בלבביות:

„עליה והצלחה"

2טן יולי, 1972. — כ' בתמוז תשל"ב.

משה גורדין
דירעקטאר - מנהל.

זינאַ ראַבינאָוויטש

# א מעשה
# מיט אַ שטעקעלע



אַרויסגעגעבן דורך דער יידישער שול
אין מעקסיקע

1958

אַ מתנה פון די פריינ־

מאיר בערגער

און

אברהם גוטווערג

(לכבוד זיינע אייניקלעך:

צירעלע, מרים און מרדכי

דובאָוואָי; מאָניקאַ און דוד

שמואל גוטווערג)

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע

## קאַפּיטל איינס

אין דער שטאָט פראַנקפורט, לעבן טייך מיין, האָט גע־לעבט מיט אַ סך יאָרן צוריק אין דער יידישער געגנט, אין דער „יודענגאַסע", אַ רייכער געשעפטסמאַן, מיטן נאָמען יעקב גוטמאַן.

דער סוחר יעקב גוטמאַן איז געווען זייער אַ פרומער ייד. ער האָט געהאַט זייער אַ גוט האַרץ און פלעגט געבן אַ סך צדקה.

אויך דעם סוחרס פרוי איז געווען זייער אַ פרומע און זי פלעגט געבן אַ סך נדבות.

די יידן פון דער „יודענגאַסע" האָבן זייער ליב געהאַט און געשעצט ר' יעקבן און זיין פרוי, ווייל זיי פלעגן געבן נדבות פאַרן יתומים־הויז, פאַר די ישיבות, פאַר דער תלמוד־תורה און פאַרן מושב זקנים.

יעקב גוטמאַן און זיין פרוי פלעגן אויך שיקן פיל נדבות פאַר די בתי מדרשים און צו די רבנים אין שטאָט. אַלע פלעגן בענטשן דעם גוטהאַרציקן סוחר און זיין פרוי.

איין מאָל איז די באַרמהאַרציקע פרוי גוטמאַן פלוצלונג זייער קראַנק געוואָרן. איר מאַן, יעקב גוטמאַן, האָט גערופן איין דאָקטער, אַ צווייטן, אַ דריטן. יעדער איינער פון די דאָק־טוירים האָט געגעבן דער קראַנקער אַן אַנדער רפואה, יעדער

איינער האָט אָנגערופן איר קראַנקהייט מיט אַן אַנדער נאָמען, אָבער דערפון איז איר נישט געוואָרן בעסער...

ר׳ יעקב גוטמאַן האָט געגעבן אַ סך צדקה פאַר יעדער אינסטיטוציע אין שטאָט. אין יעדער אינסטיטוציע האָט מען געבעטן גאָט פאַר דער חולה, זי זאָל געזונט ווערן. ר׳ יעקב האָט אין שול געזאָגט תפילות פאַר זיין ווייבס געזונט ווערן. ער האָט געבעטן גאָט בייטאָג און ביינאַכט, פאַרן דאַווענען און נאָכן דאַווענען און אין מיטן דאַווענען.

איין מאָל ווען ר׳ יעקב האָט געטאָן תפילה פאַר זיין קראַנקער פרוי צווישן מנחה און מעריב, האָט ער געהערט פון די יידן אין שול, אַז עס איז געקומען קיין פראַנקפורט אַ משולח פון ירושלים, צו קלייבן נדבות פאַר די אינסטיטוציעס פון דער הייליקער שטאָט.

ווען יעקב גוטמאַן האָט דאָס דערהערט, האָט ער דער־וואַרט מיט גרוים אומגעדולד אויפן משולח.

נאָך דעם ווי דער משולח האָט דערציילט די שול־יידן וועגן ירושלים און אירע אינסטיטוציעס, האָט ר׳ יעקב אים אַוועק־גערופן אָן אַ זייט, אין אַ ווינקעלע וווּ קיינער האָט נישט גע־קאָנט הערן, וואָס ער רעדט, און ער האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

— גיב מיר אַ צעטל פון אַלע אינסטיטוציעס אין ירושלים, ווייל איך וויל מנדב זיין פאַר יעדער איינער פון זיי.

ווען דער משולח האָט אָנגעקוקט ר׳ יעקב גוטמאַנען מיט גרוים באַוווּנדערונג, ווי איינער וואָס פאַרשטייט נישט גענוי, וואָס דאָס מיינט, האָט דער סוחר צוגעגעבן:

— איך וואָלט וועלן, אַז יעדע אינסטיטוציע פון ירושלים זאָל באַקומען פון מיר אַ נדבה אין נאָמען פון מיין פרוי, וועל־כע ליגט זייער קראַנק. די דאָקטוירים האָבן נאָך ביז איצט נישט אויסגעפונען מיט וואָס זי געזונט צו מאַכן...

דער משולח פון ירושלים האָט אויפגעשריבן אַ לאַנגן צעטל מיט אַלע נעמען פון די אינסטיטוציעס פון דער הייליקער שטאָט, און ר׳ יעקב גוטמאַן האָט אים געגעבן געלט מיט אַ ברייטער האַנט, פאַר יעדער איינער פון זיי. אָבער קיינער פון די שול־יידן האָט נישט געוווּסט דערפון, ווייל אַלע נדבות האָט ר׳ יעקב געגעבן אין געהיים, ווי עס איז געווען זיין שטייגער.

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

נאָך דעם ווי ער האָט געהאַט געגעבן גרויסע נדבות פאַר אַלע מוסדות אין ירושלים, איז דער סוחר שנעל אַרויסגעגאַנגען פון שול און זיך געלאָזט גיין אהיים צו זיין קראַנקער פרוי. דער סוחר האָט געפרעגט אויפן געזונט פון זיין פרוי און געזאָגט צו איר שטילערהייד:

— היינט אין אָוונט איז געקומען אין דער גרויסער שול אַ משולח פון ירושלים קלייבן נדבות ביי די יידן אין פראַנקפורט לטובת דער הייליקער שטאָט און אירע אָרעמע יידן. איך האָב געגעבן פאַר אַלע ישיבות, פאַר אַלע תלמוד תורהס, פאַרן בית יתומים, פאַרן מושב זקנים. איך האָב נישט פאַרפעלט קיין איין אינסטיטוציע...

— זייער גוט האָסטו געטאָן, מיין מאַן, אָבער...

— אָבער וואָס? מיין טייערע, — האָט זיך געוואונדערט דער סוחר. ער האָט געוווסט, אַז זיין פרוי איז שטענדיק געווען צופרידן, ווען ער פלעגט טיילן צדקה. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו זיין קראַנקער פרוי, כדי צו הערן וואָס זי מיינט מיט איר „אָבער". קען דאָס זיין, אַז זי זאָל איצט נישט זיין צופרידן, וואָס ער טיילט אַ סך צדקה?

— אָבער — האָט געענטפערט די פרוי מיט אַ שוואַכער שטימע — פאַרוואָס זאָלסטו אַליין נישט עולה זיין קיין ירושלים... אַליין געבן דאָרט נדבות... מיט דיינע אייגענע הענט, פאַרוואָס זאָלסטו נישט טאָן תפילה טאַקע אַליין ביים כותל המערבי?...

— און דו, מיין טייערע? — האָט זיך געוואונדערט ר' יעקב גוטמאַן.

— איך? — האָט געזאָגט די פרוי — איך וועל וואַרטן אויף דיר און אויף דיין צוריקקער.

ר' יעקב גוטמאַן האָט זיך אַרומגעדרייט אין זיין פרויס צימער אין גרויס אויפרעגונג אַהין און צוריק און נישט געוווסט, וואָס ער זאָל ענטפערן דער קראַנקער. ביי זיך אין האַרצן האָט ער געטראַכט: „מיין פרוי איז אַזוי קראַנק. ווי קען איך איר איבערלאָזן אויף אַזאַ לאַנגער צייט"?

אין יענע צייטן זיינען נאָך נישט געפלויגן קיין עראָ-

פלאַנעז, און די באַן און די שיפן פלעגן זיך באַוועגן גאַנץ פּאַמעלעך...

— איך וואַרט אויף דיין ענטפער, יעקב — האָט געפּאָדערט די קראַנקע פרוי.

ר׳ יעקב גוטמאַן האָט געקוקט אויף דער חולה מיט זאָרג און האָט געענטפערט מיט אַ ציטער אין זיין שטימע:

— אויב דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט נישט זיין אומעטיק די אַלע טעג, וואָס איך וועל זיין ווייט פון דער היים און פון דיר, וועל איך טאָן, ווי דו ווילסט. איך וועל עולה זיין קיין ירושלים און וועל דאָרט טאָן תפילה פאַרן כותל המערבי...

— און דו וועסט דאָרט געבן נאָך נדבות, אַ חוץ די וואָס דו האָסט געגעבן דעם משולח — האָט געזאָגט די קראַנקע פרוי קוקנדיק אויף איר מאַן מיט אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ נייע האָפענונג — פאַר אָרוים וואָס שנעלער. און זאָל גאָט דיך בענטשן אויף דיין לאַנגן וועג און דו זאָלסט מצליח זיין!...

## קאַפּיטל צוויי

אין יענער צייט, אין יאָר 1868, איז אין ירושלים געוועזן נאָר איין גוטער האָטעל, ווו עס האָבן געקענט איינשטיין נאָר רייכע געסט פון אויסלאַנד. דער האָטעל איז געווען האַלב-ליידיק, ווען ר׳ יעקב גוטמאַן איז געקומען אַהין, ווייל ווינטער-צייט פלעגן נישט קומען קיין געסט פון חוץ לאָרץ.

אין אַלע עקן שטאָט האָט מען זיך באַלד דערוווסט וועגן דעם אָנקום פון דעם גרויסן גביר פון פראַנקפורט אם-מיין. עס האָט זיך באַלד פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז דער רייכער סוחר פון חוץ לאָרץ גיט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט פאַר אַלע מוסדות פון ירושלים און זאָגט נישט אָפּ קיינעם, וואָס קומט בעטן נדבות.

יעדן טאָג פלעגן קומען צום גביר פון פראַנקפורט נדבה-זוכערס פון אַלע עקן שטאָט: איינער האָט געבעטן געלט פאַר דער ישיבה און אירע בחורים, וואָס זיצן און לערנען דאָרט טאָג און נאַכט. אַ צווייטער — פאַרן מושב זקנים, וואָס ליידט פון גרויס דחקות. אַ דריטער האָט געבעטן געלט פאַר די אָרע-

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

מע יתומים און זייער אַנשטאַלט. אַ פערטער פאַר דער תלמוד תורה. אַ פינפטער — פאַר די שולן, ווו עס זיצן בייטאָג און ביינאַכט יידן און לערנען משניות און גמרא...

ר׳ יעקב גוטמאַן האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט. יעדן איינעם האָט ער געגעבן צדקה מיט דער ברייטער האַנט. קיינעם האָט ער נישט געלאָזט אַרויסגיין פון זיין האָטעל־צימער מיט ליידיקע הענט...

די קלאַנגען וועגן דעם גוטהאַרציקן גביר זיינען דערגאַנגען צו אַ סופר, וועלכער פלעגט זיצן גאַנצענע טעג מיט זיינע קינדער און שרייבן ספר־תורות.

איז אַוועק דער סופר אין האָטעל אַריין צום גביר בעטן, ער זאָל ביי אים קויפן אַ ספר תורה. ווען דער סופר איז געקומען אין האָטעל, האָט ער געזען, אַז ביי דער טיר פון גבירס צימער שטייט אַ משרת און פרעגט יעדן איינעם, פאַר וועלכער אינסטיטוציע ער קומט בעטן נדבות.

האָט דער קלוגער סופר אַ קלער געטאָן: „אויב איך וועל זאָגן דעם משרת דעם אמת, וועט ער מיך זיכער נישט אַריינלאָזן צום גביר פון פראַנקפורט אם מיין"...

ווען דער טיר־היטער האָט אים געפרעגט, אין וועמענס נאָמען ער קומט בעטן צדקה, האָט דער סופר געזאָגט מיט אַ געהיימנישפולער שטימע:

— דאָס איז אַ גרויסער סוד, און איך האָב צוגעזאָגט, אַז איך וועל דעם סוד אַנטפּלעקן נאָר פאַר ר׳ יעקב גוטמאַן פון פראַנקפורט אם מיין...

דער משרת האָט געגלייבט דעם סופר און האָט פאַר אים געעפנט די טיר פון דעם גבירס צימער.

ווען ר׳ יעקב גוטמאַן האָט דערזען דעם גאַסט, האָט ער זיך באַלד אויפגעהייבן פון זיין שטול, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויסגעשטרעקט צו אים זיין האַנט, געגעבן אים אַ „שלום עליכם", אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און גענומען אין זיין האַנט זיין פּנקס כדי צו פאַרשרייבן דעם נאָמען פון גאַסט און דעם נאָמען פון דעם מוסד, פאַר וועלכן ער איז געקומען בעטן צדקה. דער גביר האָט גענומען אין האַנט אַריין זיין פען כדי צו שרייבן, וואָס דער סופר וועט אים זאָגן, אָבער דער

סופר האָט געשוויגן און נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט פון גרויס אויפרעגונג...

דער גביר האָט עס באַמערקט און האָט אים געמונטערט, זאָגנדיק צו אים:

— אַפילו אויב דער מוסד, פאַר וועלכן דו ביסט געקומען ביי מיר בעטן צדקה איז גאָר אַ קליינער, זיי נישט געפאַלן ביי זיך! איך גיב צדקה פאַר יעדן מוסד פון דער הייליקער שטאָט, סיי פאַר אַ גרויסן און סיי פאַר גאָר אַ קליינעם...

— אָבער איך בין נישט געקומען בעטן קיין צדקה פאַר אַ מוסד — האָט קוים געענטפערט דער פאַרשעמטער סופר -- איך בין אַ סופר. איך און מיינע קינדער. מיר שרייבן ספר־תורות צום פאַרקויפן צו די עולי רגל, וועלכע קומען קיין ירו־שלים פון חוץ לאָרץ. אָבער איצט, ווינטער, זיינען נישטאָ קיין טוריסטן, נישטאָ קיין עולי רגל... זיי קומען נאָר פאַר פסח, פאַר שבועות אָדער פאַר די ימים נוראָים. עס איז נאָך לאַנג צו וואַרטן אויף פסח, עס איז נאָך ווינטער. עס איז קאַלט ביי אונדז און עסן דאַרף מען און קיין געלט איז נישטאָ! בין איך געקומען צו אייך פרעגן, צי איר וואָלט נישט געקויפט ביי מיר אַ ספר תורה...

— אין אונדזער שטאָט פראַנקפורט זיינען דאָ אַ סך ספר תורות אין די שולן — האָט געענטפערט ר׳ יעקב גוטמאַן — אָבער אַ ספר תורה פון ירושלים בין איך גרייט צו יעדער צייט צו קויפן. ווו איז אייער ספר תורה?

— איך האָב עטלעכע ספר תורות — האָט זיך דערפרייט דער אָרעמער סופר — איך האָב נישט געוווּסט, וועלכע פון זיי ברענגען צו אייך, ווייל נישט איך אַליין שרייב זיי. עס שרייבן אויך מיינע יינגלעך. פרעגט זיך אָן ביי אונדזערע איינוווינער פון ירושלים, וועלן זיי אייך זאָגן, אַז עס זיינען נישט פאַראַן קיין בעסערע סופרים ווי מיינע קינדער... יעדער איינער האָט זיין כתב. יעדער איינער שרייבט מיט זיין אייגענער קונסט די הייליקע אותיות. איך וועל לויפן אַהיים און ברענגען עטלעכע ספר־תורות, כדי איר זאָלט קענען אויסקלייבן.

— אויסקלייבן? — האָט זיך געוווּנדערט דער גביר פון פראַנקפורט.

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

— יאָ, עס איז פאַראַן פון וואָס אויסצוקלייבן, ר׳ יעקב גוטמאַן! יעדער איינער פון מיינע קינדער האָט זיין טאַלאַנט, און דעריבער איז יעדע ספר תורה אַנדערש...

— אויב אַזוי — האָט געענטפערט ר׳ יעקב גוטמאַן — וועל איך קומען צו אייך אַהיים און דאָרט אויסקלייבן אַ ספר תורה. און אגב וועל איך שוין זען דאָרט מיט מיינע אויגן, ווי אַזוי קינדער שרייבן אַ ספר תורה. איך האָב נאָך נישט געזען קיין קינדער סופרים.

אַ פריילעכער ביז גאָר האָט דער אָרעמער סופר פאַרלאָזט דעם גבירס צימער. ער איז נישט געגאַנגען אַהיים. ער איז געלאָפן און אַלע ווײַלע איז ער אונטערגעשפּרונגען פון פרייד און דערביי האָט ער אונטערגעזונגען אַלערליי ניגונים און תפילות. אפילו ווען ער איז אַריינגעקומען צו זיך אַהיים, האָט ער נישט אויפגעהערט צו זינגען. ווען דעם סופרס קינדער האָבן דערזען זייער פאָטער, האָבן זיי זיך אַזוי געוווּנדערט, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו שרייבן, ווייל זיי האָבן אים נאָך קיינ־מאָל נישט געזען אין אַזאַ פריילעכן געמיט.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט דער סופר פראָבירט מאַכן אַן אָנשטעל, אַז ער איז זייער אין כעס אויף זיי — וואָס האָט איר דערזען אויף מיר? זיינען, חלילה, אויס־געוואָקסן ביי מיר הערנער פון אינדערפרי, פון זינט איך האָב פאַרלאָזט דאָס הויז?

אָבער לאַנג האָט דער סופר נישט געקענט מאַכן דעם אָנ־שטעל, ווייל זיין פרייד איז געווען גרויס און ער האָט זיך צע־לאַכט אויף אַ קול.

זיין לאַכן האָט נאָך מער דערשראָקן זיינע קינדער, ווייל זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהערט זייער אָרעמען פאָטער לאַכן. זעענדיק, אַז זיין געלעכטער שרעקט נאָך מער די קינדער, האָט דער סופר אויפגעהערט צו לאַכן און געזאָגט צו זיין פאַר־וווּנדערטער משפּחה:

— אַ נס האָט געטאָן מיט מיר דער אייבערשטער. ער האָט מיר צוגעשיקט אַ קונה אויף אַ ספר תורה אין סאַמע ווינטער, ווען עס זיינען נישטאָ קיין עולי רגל אין ירושלים. דער אייבערשטער האָט מיר אַריינגעגעבן אַ געדאַנק, אַז איך

זאָל גיין צום גרויסן גביר פון פראַנקפורט און אים פאַרלייגן, אַז ער זאָל ביי מיר קויפן אַ ספר תורה... און ער האָט צוגע־זאָגט צו קויפן — האָט מיט גרויס פרייד אויסגעשריען דער סופר. — ער וועט אַליין קומען צו אונדז אין הויז אויסקלייבן די ספר תורה... דעריבער, חברה, געדענקט! ווען ער וועט קו־מען, זאָלט איר ווייטער אָנגיין מיט אייער אַרבעט, גלייך ווי ער וואָלט דאָ נישט געווען. פאַרשטאַנען? ווייל עס האָט מיט אייך גאָרנישט צו טאָן! פאַרשטאַנען?

## קאַפּיטל דריי

דעם סופרס קינדער האָבן גוט פאַרשטאַנען, וואָס זייער פּטאָער מיינט און האָבן ניט געטראַכט וועגן דעם קיין סך. אָבער דער מוזשינעק איז געווען קליגער פון זיינע ברידער. ער האָט לאַנג געטראַכט וועגן זיין פאָטערס אָנזאָג און האָט צו זיך גערעדט אין זיינע געדאַנקען אַזוי:

„דער רייכער סוחר פון פראַנקפורט טיילט נדבות פאַר יעדן מוסד. ער גיט אַ נדבה יעדן איינעם, וואָס שטרעקט נאָר אויס זיין האַנט צו אים... וואָלט נישט געווען אַ יושר, אַז ער זאָל אויך מיר געבן אַ שטיקל מתנה, עטלעכע פרוטות?"

און ער האָט ווייטער געטראַכט אין זיך:

„אָבער עס שטייט מיר נישט אָן אויסצושטרעקן אַ האַנט צום גביר, ווי עס שטרעקן אויס זייערע הענט די בעטלע־ס, וואָס שטייען אַרום כותל המערבי. דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טאָן! איך וועל אויך נישט בעטן קיין נדבה, ווי דאָס טוען די בלינדע וואָס שטייען ביים ראָג גאַס! דאָס אויך נישט. אָבער ווען איך וואָלט געקענט דערלאַנגען דעם גביר עפּעס אַן אָנ־דענק פון ירושלים, וואָלט איך זיכער באַקומען פון אים אַ פּאָר מטבעות. אָבער וואָס קען איך אים געבן אַלס מתנה, אַלס אָנ־דענק פון ירושלים?"

אַ גאַנצן טאָג האָט דער מוזשינעק, בעתן שרייבן זיין ספר תורה, נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אַן אָנדענק פאַרן גביר. ווען ער האָט געענדיקט זיין אַרבעט, איז דאָס יינגל ניט געגאַנגען זיך שפּילן מיט זיינע חברים, ווי יעדן אָוונט אין דער זעלבער צייט. דער געדאַנק ווי אַזוי ער וואָלט געקאָנט באַ־

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

קומען פון דעם גביר אַ פּאָר פּרוטות, האָט אים אַזוי באַשעפּ־טיקט, אַז ער האָט געוואָלט בלייבן אַליין — אפשר וועט זיך דאָך אים איינגעבן אויסצוטראַכטן עפּעס?

איז דעם סופרס מוזשינעק געשטאַנען צווישן די איילבירטן־ביימער, וואָס זיינען געוואַקסן אין זיין פאָטערס הייפל, און גע־האַלטן אין איין קלערן:

„ווען עס וואָלט געווען האַרבסט-צייט און די איילבירטן וואָלט געווען רייף, וואָלט איך אָנגעקליבן אַ שייטעלע גרויסע איילבירטן און וואָלט געגעבן דעם גביר אַ מתנה. אָבער גיט מען דען איינעם, וואָס קומט פון חוץ לארץ אַזאַ אָנדענק?״ — האָט ער אליין געלאַכט פון זיין געדאַנק. — „אַן אָנדענק איז דאָך אַ זאַך וואָס אַ מענטש קען מיטנעמען מיט זיך אין זיין וואַליזע אין דעם לאַנד וווהין ער פאָרט צוריק פון ירושלים. אָבער נישט קיין שיסעלע מיט איילבירטן״...

אַזוי טראַכטנדיק האָט דאָס יינגל אָפּגעבראָכן אַ צוויי־געלע פון בוים. ווי שטענדיק האָט ער אַרויסגענומען זיין מע־סערל פון קעשענע און אָנגעפאַנגען צו שיילן דאָס צווייגעלע. ער האָט עס געשיילט און געשיילט, ביז וואַנען אין זיינע הענט איז געבליבן אַ ווייס שטעקעלע.

„אויב איך וועל אויסשניצן אויף דעם דאָזיקן שטעקעלע דאָס וואָרט „ירושלים״ — האָט דאָס יינגל אַ קלער געטאָן — וועט עס זיין אַ גוטער אָנדענק פאַרן גביר און ער וועט מיר זיכער געבן אַ פּרוטה אָדער צוויי, ווען איך וועל דאָס אים דערלאַנגען״.

אָבער אין דער מינוט איז אים געקומען אַן אַנדער גע־דאַנק אויפן זינען:

„פאַרוואָס נאָר דאָס וואָרט ירושלים? פאַרוואָס נישט אויס־שניצן אויפן שטעקעלע אַ גאַנצן פּסוק? אין אַזאַ פאַל וועט דער גביר מיר זיכער געבן עפּעס פאַר אַזאַ אָנדענק״...

„אָבער וועלכן פּסוק? אין דער תורה זיינען דאָך פאַראַן אַזוי פיל פּסוקים. וועלכער פּסוק וואָלט זיך געפאַסט אַמבעסטן פאַרן גביר?״

דעם סופרס יינגל האָט איבערגעחזרט איין פּסוק נאָכן אַנדערן פון די פּסוקים, וואָס ער האָט געדענקט אויסנווייניק.

קיין איינעם האָט ער אָבער נישט געקענט צופּאַסן צום גביר, וואָס איז געקומען קיין ירושלים פון פראַנקפורט אם מיין צו געבן צדקה אין דער הייליקער שטאָט.

פּלוצלונג האָט זיך דעם סופרס יינגל דערמאָנט אָן דעם פּסוק, וואָס ער האָט ערשט היינט געשריבן אין דער ספר תורה, אין ספר ויקרא. עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעחזרט דעם פּסוק. „יאָ, דער דאָזיקער פּסוק פּאַסט זיך זייער צום גביר" — האָט ער באַשלאָסן — „דער גביר איז געקומען אין לאַנד אַריין און האַלט אין איין פאַרזייען נדבות... יאָ! דאָס איז דער פּסוק, וואָס ער וועט אויסשניצן אויף זיין שטעקעלע — „וכי תבואו אל הארץ ונטעתם"! — ווען איר וועט קומען אין לאַנד אַריין, זאָלט איר פלאַנצן!"

און דעם סופרס יינגל האָט אַריינגעשניטן זיין מעסערל אין האָלדז פון צווייגעלע. עס האָט זיך אויסגעדוכט דעם יינגל, אַז אפילו דעם צווייגעלע געפעלט דער פּסוק, וואָס ער האָט אויסגעקליבן. דאָס צווייגעלע איז געלעגן ביי אים אויף די קני רואיק, בעת ער האָט אויסגעשניצט איין אות נאָכן צווייטן... די אותיות זיינען אַרוים אַזוי שיין, אַז דאָס יינגל האָט פון גרוים פרייד און צופרידנקייט אַ קוש געטאָן דאָס שטעקעלע.

עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעלייענט דעם פּסוק. עט־לעכע מאָל האָט ער געטראַכט, אַז קיין אַנדער פּסוק פּאַסט זיך נישט אַזוי צום גביר, ווי דער וואָס ער האָט אויסגעשניצט. דאַן האָט ער אַריינגערוקט דאָס שטעקעלע צו זיך אונטערן העמד, און ווען עס איז געוואָרן גאַנץ פינצטער, האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים.

## קאַפּיטל פיר

ווו באַהאַלט מען דאָס שטעקעלע ביז מאָרגן? ביז זונ־טאָג? ווען דער גביר וועט קומען אויסקלייבן אַ ספר תורה? — האָט געטראַכט דעם סופרס מוזשינעק דעם גאַנצן אָוונט.

„זאָל איך אפשר באַהאַלטן דאָס שטעקעלע מיט אויסגע־שניצטן פּסוק אונטער מיין קישן? אָבער וואָס וועט זיין, אויב מיין ברודער, מיט וועמען איך טייל מיין געלעגער, וועט ביי־

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

נאַכט אין שלאָף אַרונטערשטופּן זיין האַנט און דערפילן דאָס שטעקעלע?"

„ניין, דאָס איז נישט קיין זיכערער פּלאַץ פאַרן שטעקעלע — האָט ער באַשלאָסן — און זאָל איך אפשר זיצן אַ גאַנצע נאַכט?" — האָט ער ווידער אַ קלער געטאָן — אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אַזאַ מין אויפירונג וועט זיכער אַרויסרופן פראַגעס און פאַרדאַכט ביי זיינע טאַטע-מאַמע, און דאַן וועט זיך אַרויסווייזן זיין סוד, זיין שטעקעלע, און פון דעם טרוים צו באַקומען פון דעם גביר אַ פּאָר פּרוטות וועט גאָרנישט אַרויסקומען...

„אָבער ווו דען זאָל איך באַהאַלטן מיין שטעקעלע?" — האָט דאָס יינגל אַ קלער געטאָן, איידער זיינע עלטערן האָבן געוואָלט אויסלעשן דאָס ליכט אין הויז. ערשט דאַן האָט זיך דאָס יינגל פּלוצלונג אויפגעהויבן פון זיין אָרט, אַרויסגעלאָפן אין הויף אַרויס און אַריינגעשטופּט דאָס שטעקעלע אין אַ קופּע פון אַלטע זאַכן, וואָס זיינען געלעגן אין אַ ווייטן ווינקל פון הויף.

„קיינער וועט נישט גיין צו דער קופּע אַלטע שמאַטעס אין מיטן נאַכט" — האָט ער געטראַכט און איז געגאַנגען שלאָפן.

אָבער עס האָט זיך אים נישט געשלאָפן אין יענער נאַכט. אַלע ווײַלע האָט דאָס יינגל אויפגעוועקט אַן אַנדער געדאַנק. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אַ שטימע רייצט זיך מיט אים און זאָגט צו אים: „פאַרוואָס האָסטו איבערגעלאָזן דיין שטעקעלע אין דרויסן, אין דער קופּע אַלטע זאַכן? טוט מען אַזוי מיט אַ זאַך, וואָס מען וויל שענקען אַלס אַן אָנדענק פון ירושלים?"

דאָס יינגל, גערייצט פון דער דאָזיקער שטימע, האָט געוואָלט אויפשטיין און גיין אַ קוק טאָן, צי קיינער האָט נישט באַמערקט זיין שטעקעלע, אָבער די מורא, טאָמער וועלן זיינע עלטערן דערהערן בעת ער וועט עפענען די טיר, האָט אים געהאַלטן אויף זיין געלעגער. ענדלעך איז אַריבער די לאַנגע נאַכט. ווי נאָר עס איז געוואָרן ליכטיק, האָט דאָס יינגל זיך אַרויסגעכאַפּט אין דרויסן, איז צוגעלאָפן צו דער קופּע אַלטע

שטאַטעס, אַרויסגעכאַפּט פון דאָרט זיין שטעקעלע און עס אַריינגערוקט אויף שנעל צו זיך אונטער זיינע קליידער.

מיטן שטעקעלע ביים קערפּער האָט ער געשריבן אַ גאַנצן פרימאָרגן. ער האָט נישט געוואָלט עסן, נישט טרינקען. קיין זאַך איז אים נישט אָנגעגאַנגען, ווייל גרוים איז געווען זיין שרעק, טאָמער רירט זיך צו עמיצער צו זיין פּלייצע און דער־פילט אויף איר דאָס שטעקעלע...

ענדלעך האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר פון דעם סופרס הייזקע. דער סופר האָט אַ וווּנק געגעבן זיינע קינדער, זיי זאָלן בלייבן זיצן איבער זייער פאַרמעט, און איז געלאָפן עפענען די טיר פאַרן גביר פון פראַנקפורט. דעם סופרס קינ־דער האָבן נישט אַרונטערגעלאָזט קיין אויג פון דעם פאַרמעט, אויף וועלכן זיי האָבן געשריבן, און געמאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי עס גייט זיי גאָרנישט אָן דער חשובער גאַסט פון חוץ לאָרץ. דער גאַסט האָט באַטראַכט יעדנס אַרבעט, אויסגעקליבן איינע פון די פאַרטיקע ספרי תורות און איז אַרויסגעגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון סופר.

אין אַ מינוט אַרום האָט זיך דער סופר אומגעקערט מיט אַ פולער זשמעניע געלט. ווען זיינע ווייב און קינדער האָבן דערזען אַזאַ גרויסן אוצר, איז די פרייד אין דעם הויז געווען אַזוי גרויס, אַז אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט און אָנגעהייבן צו טאַנצן און שפּרינגען צוזאַמען מיטן סופר.

אויף דעם מאָמענט האָט געוואַרט דער סופרס מוזשינעק. ער האָט דערפילט, אַז אַלע זיינען פאַרנומען מיטן אוצר, וואָס דער גביר האָט איבערגעלאָזט זיין פאָטער, און ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון הויז. מיט זיינע דאַרע פיסלעך האָט דעם סופרס מוזשינעק שנעל אָנגעיאָגט דעם גביר פון פראַנקפורט.

— אדון! — אדון! — האָט ער קוים אויסגערופן — אַ מתנה... אַן אָנדענק פון ירושלים האָב איך פאַר אייך.

— פון דיין פאָטער? — האָט זיך געוווּנדערט ר' יעקב גוטמאַן.

— פון מיר... נישט פון מיין פאָטער, נאָר פון מיר. פאַר אייך... אייך אַליין... מיט מיינע הענט אויסגעשניצט, פאַר אייך.

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

דער גביר האָט באַקוקט דאָס שטעקעלע, איבערגעלייענט דעם פסוק און אַ פרעג געטאָן:

— אויך דעם פסוק האָסטו אַליין אויסגעקליבן? אָבער פאַר־וואָס האָסטו אויפגעקליבן גראָד דעם דאָזיקן פסוק?

— ווייל דער דאָזיקער פסוק פּאַסט זיך זייער צו אייך, הער!

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי?

— פאַרוואָס? ווייל מען רעדט וועגן אייך אין גאַנץ ירו־שלים, אַז איר זענט געקומען און האָט פאַרפלאַנצט אַ סך נד־בות. אַ נדבה, מיין הער, איז ווי אַ פלאַנצונג... עס וועט פון איר אויסוואַקסן אַ טובה פאַר ירושלים...

— נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז די קינדער פון ירושלים זיינען די קליגסטע אויף דער וועלט — האָט געזאָגט דער גביר פון פראַנקפורט, נאָך אַלץ באַקוקנדיק דאָס שטעקעלע און די אויסגעשניצטע אותיות פון דעם פסוק.

נישט אַרונטערנעמענדיק די אויגן פון די שיינע אותיות האָט ר' יעקב אַרונטערגעלאָזט זיין האַנט אין קעשענע, אַרויס־גענומען פון דאָרט צוויי גאָלדענע מטבעות און זיי דערלאַנגט דעם סופרס מוזשינעק.

— גאָט זאָל אייך בענטשן, הער! שטענדיק אייך בענטשן!

— האָט קוים אַרויסגערעדט דאָס יינגל און איז אַנטלאָפן.

ר' יעקב גוטמאַן האָט אַ שמייכל געטאָן צו זיך, נאָכאַמאָל זיך איינגעקוקט אויפן שטעקעלע און אויף די שיין געשניצטע אותיות און עס באַהאַלטן אין דער זעלבער וואַליזע, וווּ ער האָט באַהאַלטן די ספר תורה, וואָס ער האָט געקויפט ביים סופר.

די גאַנצע צייט פון דער נסיעה אהיים קיין פראַנקפורט האָט דער גביר נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם שטעקעלע און וועגן דעם פסוק, וואָס דאָס יינגל האָט געפונען פאַר פאַסיק אויסצושניצן פאַר אים.

וואָס מער ר' יעקב האָט זיך דערנענטערט צו זיין היים, אַלץ מער האָט ער געטראַכט וועגן דעם יינגלס ברכה, מיט וועלכער ער האָט אים געבענטשט, ווען ער האָט באַקומען פון אים די צוויי גאָלדענע מטבעות.

„אפשר וועט דער אייבערשטער זיך צוהערן צום יינגלס

ברכה און וועט צושיקן אַ רפואה צו מיין קראַנקער פרוי, וואָס האָט מיר געשיקט תפילה טאָן קיין ירושלים און געבן צדקה אין איר נאָמען"...

דער געדאַנק וועגן זיין קראַנקער פרוי האָט אים נישט געלאָזט רוען.

„ווארט זי אויף מיר, ווי זי האָט מיר צוגעזאָגט? איז איר לאַנג געוואָרן כאָטש אַביסל בעסער, ווי זי איז געוועזן, איידער איך בין אַרויסגעפאָרן פון דער היים?"

מיט אַ ציטער אין האַרצן האָט ר' יעקב אָנגעקלונגען אין דער טיר פון זיין הויז... שלעכטע און טרויעריקע געדאַנקען זיינען פאַרבייגעלאָפן ביי אים אין קאָפּ, ביז מען האָט אים געעפנט די טיר... אָבער ווי דערשטוינט איז ער געוואָרן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין פאָדערשטן צימער. דאָס צימער איז געווען פול מיט געסט. אַלע זיינען געווען אויסגעפּוצט און פריילעך, אָבער פריילעכער פון אַלעמען האָט אויסגעזען אַ פרוי אין אַ בלויען זיידענעם קלייד. די פרוי האָט פון וויטנס אויס־גערופן צו אים מיט אַ זיסער שטימע:

— געבענטשט זאָל זיין דיין צוריקער אַהיים, יעקב!

ערשט דאַן האָט זיך ר' יעקב גוטמאַן אָנגעשטויסן, אַז די שיינע געזונט־אויסזעענדיקע פרוי איז זיין אייגענע ווייב. ער האָט זיך שיעור נישט צעוויינט פאַר פרייד, אָבער ער האָט נישט געוואָלט דערמאָנען זיין ווייב, אַז זי איז געווען אַזוי קראַנק ערשט מיט אַ שטיקל צייט צוריק, אַז די דאָקטוירים האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי און מיט וועלכע מיטלען זי צו אויסהיילן.

האָט ר' יעקב בלויז איינגעלאַדן אַלע געסט אין עסצימער אַריין צו מאַכן דאָרט אַ „לחיים" לכבוד זיין צוריקקערן זיך בשלום אַהיים פון דער לאַנגער נסיעה.

בעת דעם „לחיים" האָט ער געוויזן אַלע געסט די זאַכן, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אין דער הייליקער שטאָט. צום סוף האָט ער זיי געוויזן דאָס שטעקעלע, וואָס דעם סופרס יינגל האָט פאַר אים אויפגעשניצט.

ווען אַלע געסט האָבן זיך איינגעקוקט אין די שיין־גע־

שניצטע אותיות, האָט ער געזאָגט ווי איינער וואָס רעדט צו זיך אַליין:

— דאָס יינגל אַליין האָט פאַר מיר אויסגעקליבן דעם פסוק... און מיך געבענטשט... ווי אַ דערוואַקסענער מענטש מיך געבענטשט... און מיר דוכט זיך, אַז דער אייבערשטער האָט זיך צוגעהערט צו זיין ברכה — האָט ער פאַרענדיקט קוקנדיק אויף זיין געזונט-געוואָרענער פרוי.

ר׳ יעקבס פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט געבעטן זיין פרוי, אַז זי זאָל מאַכן אַזאַ גרויסן מאָלצייט, אַז אַלע איינוווינער פון דער „יודענגאַסע", סיי די אָרעמע, סיי די רייכע, סיי די רבנים און סיי די געלערנטע יידן און זייערע תלמידים זאָלן זיין אָנוועזנד ביים יום-טוב. און כדי זיין ווייב זאָל זיך נישט אָנשטויסן, אַז ער מאַכט דעם יום טוב צוליב איר געזונט-ווערן, האָט ער צוגעגעבן:

— ווען אַ ייד פאָרט אַריבער דעם גרויסן ים, דאַרף ער בענטשן גומל זיבן מאָל. איך בין דאָך אַריבערגעפאָרן דעם ים בשלום צוויי מאָל, אויפן וועג קיין ירושלים און צוריק, וויל איך דאַנקען גאָט מיט אַ גרויסן יום טוב און מיט אַ סך צדקה...

ביי דער פייערונג האָט מען גערעדט וועגן תורה און וועגן ירושלים. ווען מען האָט באַקוקט דאָס שטעקעלע, וואָס ר׳ יעקב גוטמאַן האָט געוויזן, האָבן אַלע געסט געלויבט דעם סופרס יינגל, וואָס ער האָט אויסגעקליבן מיט חכמה אַזאַ פסוק און וואָס ער האָט אים אויסגעשניצט מיט אַזוי פיל טאַלאַנט אויפן איילבירט-צווייגעלע...

## קאַפּיטל פינף

לאַנג האָט מען גערעדט אויף דער יודענגאַסע אין פראַנקפורט וועגן דעם יום טוב און וועגן אַלע זאַכן, וואָס דער גביר, ר׳ יעקב גוטמאַן, האָט געבראַכט פון ירושלים. לאַנג, לאַנג האָבן אַלע אָרעמעלייט געבענטשט ר׳ יעקב גוטמאַנען פאַר דער צדקה, וואָס ער האָט אויסגעטיילט אין געהיים פאַרן יום טוב און נאָך דעם יום טוב. אָרעם און רייך האָבן צוגעווונטשן ר׳

יעקב גוטמאַנען און זיין פרוי, אַז זיי זאָלן קיינמאָל מער קיין צרות נישט האָבן אויף זייער גאַנצן לעבן.

די אַלע ווונטשן זיינען טאַקע מקויים געוואָרן און אַ שטיקל צייט האָבן מאַן און פרוי, נאָך ר׳ יעקבס צוריקקער פון ירושלים, געלעבט גליקלעך.

אָבער פּלוצלונג איז אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן דייטש־לאַנד און פראַנקרייך, און די גוטמאַנס האָבן שוין צו יענער צייט געהאַט אַ דערוואַקסענעם זון. די זאָרג, טאָמער וועט דער דייטש רופן זיין איין און איינציקן זון אין דער אַרמיי, האָט זייער באַאומרואיקט ר׳ יעקב גוטמאַנען. ער האָט זיך געהיט פון זיין פרוי, זי זאָל נישט וויסן וועגן זיינע אומעטיקע גע־דאַנקען. ווען ער פלעגט קומען אין שול, פלעגט ער זיך צוהערן מיט אַ ציטער אין האַרצן צו דעם, וואָס די יידן פון שטאָט האָבן גערעדט וועגן דער מלחמה און וועגן דעם צי מען וועט רופן יידן אין דער אַרמיי. טייל יידן זיינען געווען זיכער, אַז דער דייטש וועט נישט רופן די יידישע בחורים אין קריג.

— ערשט צוריק מיט קאַרגע פיר יאָר האָבן מיר באַקומען בירגער רעכט. אין יאָר 1864. קען דעריבער נישט זיין, אַז דער דייטש זאָל שוין רופן אונדזערע זין — האָבן יידן גערעדט צווישן זיך.

— קען דען זיין, אַז דער דייטש זאָל זיי אָנפאַרטרויען זיך צו שלאָגן מיטן פראַנצויז? ערשט דאָ נישט לאַנג זיינען מיר געווען ווי שקלאַפן, האָבן נישט געטאָרט וווינען אין אַן אַנ־שטענדיקער דירה, נישט געטאָרט עפענען אַ גרויס געשעפט, געלעבט אין אַ געטאָ, ווו דער דייטש פלעגט פאַרשליסן די טויערן אויף ביינאַכט און נישט אַרויסלאָזן אונדז פון דאָרט אין די זונטיק־טעג און אין די קריסטלעכע חגאות. און איצט — שוין וועט ער שיקן אונדזערע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך שלאָגן פאַר אים? ניין! ניין! עס קען נישט זיין!

אָבער אין איין שיינעם טאָג האָבן אַלע יידן פון פראַנק־פורט באַקומען „איינלאַדונגען" אָנצושליסן זיך אָן דער דייט־שער אַרמיי און גיין פאַרטיידיקן דייטשלאַנד אין איר קריג מיט די פראַנצויזן.

צוערשט האָבן ר׳ יעקב גוטמאַן און זיין זון נישט געוואָלט

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

דערציילן דער מאַמען וועגן דער „איינלאַדונג", צוליב מורא אַז דאָס קען שלעכט ווירקן אויף איר געזונט, זי קען חלילה נאָכאַמאָל קראַנק ווערן.

אויף מאָרגן איז ר' יעקב געגאַנגען אין שול צום רב פרעגן ביי אים אַן עצה, וואָס צו טאָן מיט זיין זון, אַז ער זאָל נישט דאַרפן גיין אין דער אַרמיי זיך שלאָגן פאַרן דייטש.

— מיין זון איז דאָך אַ בן יחיד — האָט געוויינט ר' יעקב.

— עס זיינען פאַראַן נאָך יידן אין שטאָט, וועלכע האָבן נישט מער ווי איין זון — איז געווען דעם רבס ענטפער.

— אָבער מיין פרוי, רבי — האָט געוויינט דער סוחר — איר געדענקט דאָך, ווי קראַנק זי איז געווען ערשט מיט אַ שטיקל צייט צוריק! נאָר דורך אַ נס איז זי געזונט געוואָרן... און איצט, אויב זי וועט זיך דערוויסן, אַז אונדזער איינציקער זון גייט אין קריג אַריין, קאָן זי נאָך, חלילה, נאָכאַמאָל קראַנק ווערן...

— דער אייבערשטער האָט זי אויסגעהיילט פון איר קראַנקהייט און ער וועט איר געבן כוח איבערצוטראָגן אַלע צרות, ר' יעקב. שרעק זיך נישט! אָבער דיין זון דאַרף גיין אין דער אַרמיי פאַרטיידיקן דעם דייטש, גלייך מיט אַלע אַנדערע יידישע קינדער... מיר זיינען דאָך שוין בירגער פון דייטשלאַנד, דאַרפן מיר זיך פירן ווי בירגער, ר' יעקב... מיר און אונדזערע קינדער דאַרפן צאָלן פאַר די בירגער־רעכט מיט אונדזער לייב און לעבן און מיט אונדזערע געלטער, אויב די רעגירונג וועט אַרויפלייגן אויף אונדז שטייערן... האָבן מיר דען נישט געוואָלט אַרויסגיין פון געטאָ און זיין גלייכע בירגער מיט אַלע רעכט? מוזן מיר שיקן אונדזערע קינדער אין דער אַרמיי. גלויב אין גאָט! ער וועט אַכטונג געבן אויף אונדזערע קינדער און זיי צוריקברענגען בשלום אהיים... אָבער איין זאַך מוזטו טאָן! גיב מיט דיין זון אַ טלית און תפילין, און זאָל ער דאַווענען יעדן טאָג, ווו ער וועט נאָר האָבן אַ מעגלעכקייט...

ווען ר' יעקב איז אַרויס פון רבס הויז, האָט דער רב נאָך אַמאָל געעפנט די טיר און אים נאָכגעשריען:

— און פאַרגעס נישט מיטצוגעבן דיין זון דאָס שטעקעלע!...

— וועלכעס שטעקעלע? — האָט געפרעגט דער סוחר פאַר־וווּנדערט, וואָס דער רב געדענקט דאָס שטעקעלע, וואָס ער האָט געוויזן אַלע זיינע געסט, בעת ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין רייזע קיין ירושלים.

— דאָ סשטעקעלע, וואָס איר האָט געבראַכט פון ירושלים, עיר הקודש, פון דער הייליקער שטאָט — האָט געזאָגט דער רב און צוגעגעבן: דאָס שטעקעלע, אויף וועלכן דעם סופרס יינגל האָט אויסגעשניצט דעם פסוק „כי תבואו אל הארץ ונטעתם"... ווען איר וועט קומען אין לאַנד אַריין, זאָלט איר פלאַנצן. דאָס מיינט געבן נדבות און צדקה...

ווען ר׳ יעקב איז געקומען אַהיים, האָט ער דערציילט זיין ווייב וועגן דעם, אַז מען רופט זייער איין און איינציקן פון אין דער אַרמיי. ער האָט גאָרנישט פאַרלייקנט פון איר. ער האָט איר אויך דערציילט, אַז ער איז געגאַנגען בעטן אַן עצה ביים רב און וואָס דער רב האָט אים געזאָגט.

פרוי גוטמאַן האָט שטילערהייד אויסגעהערט אַלץ, וואָס איר מאַן האָט איר דערציילט. זי האָט קיין איין טרער נישט געלאָזט פאַלן פון אירע אויגן, און ווען זי האָט דערהערט, אַז דער רב האָט געהייסן מיטגעבן זייער זון אין דער אַרמיי דאָס שטעקעלע, וואָס איר מאַן האָט געבראַכט פון ירושלים, האָט זי געזאָגט:

— איך בין רואיק. איך גלייב, אַז דער אייבערשטער וועט צוריקברענגען אונדזער זון פונקט ווי ער האָט צוריקגעבראַכט מיין געזונט, ווען מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין האָפענונג, אַז איך וועל נאָך אַמאָל געזונט ווערן...

ערב דעם זונס אַוועקגיין אין דער אַרמיי האָט זי געהייסן מאַכן אַ גרויסן יום־טובדיקן מאָלצייט. קיין פרעמדע געסט האָבן די גוטמאַנס נישט איינגעלאַדן. בלויז פאָטער, מוטער און זון האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען ביים יום־טובדיקן טיש. און ווען עס איז געקומען די צייט, ווען דער זון האָט געדאַרפט פאַר־לאָזן די היים, איז יעקב גוטמאַן צוגעגאַנגען צום ספרים־שאַנק, ווו אין אַ ווינקעלע איז געשטאַנען דאָס שטעקעלע, עס אַרויס־גענומען פון דאָרט, דערלאַנגט דעם זון און אים געזאָגט:

— אַזוי האָט געהייסן אונדזער רב, זון מיינער! זאָלסט

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

האַלטן מיט זיך דאָס שטעקעלע די גאַנצע צייט פון דער מלחמה, ביז וואַנען דו וועסט זיך אומקערן בשלום אַהיים!...

## קאַפּיטל זעקס

ווען יעקב גוטמאַנס זון, יוסף, איז אַרויסגעגאַנגען פון הויז פון זיינע עלטערן, איז זיין ערשטער געדאַנק געווען, ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון שטעקעלע...

„זאָל איך אַריינוואַרפן דאָס שטעקעלע אין איינעם פון די יידישע הויפן?" — האָט ער געטראַכט גייענדיק צו די קאַזאַרמעס — „וועלן דאָך די יידן פון דער „יודענגאַסע" דערקענען דאָס שטעקעלע, וואָס מיין פאָטער האָט געבראַכט פון ירושלים און וועלן דאָס צוריק אָפּטראָגן צו מיינע עלטערן... איך וויל אָבער מיינע עלטערן נישט אָנטאָן מער קיין צרות, הגם זיי האָבן נישט געוויינט ביים צעשיידן זיך, איז זיכער, אַז זיי האָבן גענוג ווייטאָג אין האַרצן פון מיין גיין אין דער אַרמיי. וועל איך בעסער צוואַרטן, ביז איך וועל קומען אין קאַזאַרמע. דאָרט וועל איך אַוועקוואַרפן דאָס שטעקעלע, קיינער זאָל עס נישט געפינען"...

אָבער אין קאַזאַרמע איז יוסף גוטמאַן געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סך סאָלדאַטן, אַזוי אַז ער האָט נישט געקאָנט אַרויסשלעפּן דאָס שטעקעלע פון אונטער זיינע קליידער. האָט ער געוואַרט אויף ביינאַכט, ווען אַלע וועלן איינשלאָפן.

ווען אַלע סאָלדאַטן זיינע שוין געשלאָפן איז יוסף גוטמאַן אַרויסגעגאַנגען אין הויף פון דער קאַזאַרמע מיטן געדאַנק דאָרט פּטור צו ווערן פון שטעקעלע.

אָבער ביי דער טיר פון קאַזאַרמע איז געזעסן אַ שומר און דער היטער האָט אים געהייסן פאַרשרייבן זיין נאָמען אין אַ קליין ביכל.

נאָך דעם ווי יוסף גוטמאַן האָט פאַרשריבן זיין נאָמען אין דעם ביכעלע, האָט ער באַשלאָסן, אַז עס איז נישט ראַטזאַם אַוועקצושליידערן דאָס שטעקעלע אין הויף, ווייל מען וועט עס געפינען און מען וועט וויסן, אַז ער האָט עס אַוועקגעוואָרפן און ער האָט נישט געוואָלט, אַז די קריסטן זאָלן חוזק מאַכן

פון די יידישע אותיות, וואָס זיי וועלן דערזען אויפן שטעקעלע. האָט יוסף גוטמאַן דעריבער באַשלאָסן צו וואַרטן ביז אין דער פרי.

ווען די סאָלדאַטן וועלן גיין עסן פרישטיק, וועט ער אי־בערלאָזן דאָס שטעקעלע אונטער זיין מאַטראַץ — האָט ער גע־טראַכט.

אָבער אין דער פרי האָט מען געלאָזט וויסן, אַז אַלע סאָל־דאַטן דאַרפן איבערקערן זייערע מאַטראַצן, איידער זיי גייען אַרויס אין עס־צימער, ווייל עס וועט קומען אַן אָפיציר זען, צי זיי האָבן גוט אויסגערייניקט זייערע געלעגערס...

נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה האָט יוסף גוטמאַן אַריינ־גערוקט דאָס שטעקעלע ווידער אונטער זיינע קליידער און איז אַזוי, מיטן שטעקעלע, געגאַנגען אויף די ערשטע מאַנעוורעס.

צוליב דעם שטעקעלע, וואָס איז געווען אַריינגערוקט אונ־טער זיינע קליידער, האָט ער געמוזט מאַרשירן גלייך ווי אַ סטרונע, גלייכער פון אַלע אַנדערע סאָלדאַטן.

„איינס, צוויי, איינס, צוויי" — האָט געשריען דער אָפיציר צו זיינע סאָלדאַטן — „נעמט זיך אַ ביישפּיל פון אייער חבר יוסף גוטמאַן. זעט ווי גלייך ער מאַרשירט! מאַרשירט אויך אַזוי!".

יוסף האָט אַזוי נושא חן געווען ביי דעם אָפיציר, אַז ער האָט מאַרשירט לעבן אים די גאַנצע צייט פון די מאַנעוורעס, און ווען עס איז געקומען די אָפּרו־צייט, האָט זיך דער **אָפיציר** געזעצט לעבן אים און איז נישט אָפּגעטראָטן פון דעם יידישן בחור.

אַזוי אַרום האָט יוסף גוטמאַן נישט געקענט פּטור ווערן פון דעם שטעקעלע, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט...

„איך זע, אַז דאָס שטעקעלע וויל מיך נישט פאַרלאָזן" — האָט ער געטראַכט — ווייזט אויס, אַז נישט אומזיסט האָט דער רב געהייסן, אַז איך זאָל עס היטן די גאַנצע צייט, ביז דער קריג וועט זיך ענדיקן"...

פון יענעם טאָג אָן האָט יוסף גוטמאַן געהאַלטן דאָס שטע־קעלע אונטער זיינע קליידער, הגם עס האָט אים נישט ווייניק

געשטערט. ער האָט שוין מער נישט געטראַכט ווי אַזוי צו פּטור ווערן פון דעם שטעקעלע...

איינמאָל ביינאַכט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט אויפן פעלד. עס איז אויסגעגאַנגען דאָס גאַנצע געווער ביי די סאָל־דאַטן פון דעם לעגיאָן, אין וועלכן יוסף גוטמאַן האָט געדינט.

אויף יוסף גוטמאַנען איז אויסגעפאַלן דער גורל צו געפי־נען אַ וועג צו דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער געגנט און דאָרט לאָזן וויסן, אַז מען זאָל צושטעלן שיס־מאַטעריאַל פאַר די סאָל־דאַטן.

נאָך דעם ווי יוסף האָט אויסגעפירט זיין מיסיע, האָט ער געוואָלט צוריקקריכן צו זיין פריערדיקער פּאָזיציע, אָבער דער־ווייל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די שלאַכט. עס איז געוואָרן זייער פינצטער, ווייל די שיסעריי וואָס האָט פריער באַלויכטן די געגנט האָט אויפגעהערט.

יוסף איז געקראָכן די גאַנצע צייט אויף אַלע פיר, אָבער פונקט אין מאָמענט ווען ער האָט געמיינט, אַז ער קען זיך שוין אויפשטעלן, האָט ער זיך אויסגעגליטשט און האָט אָנגעפאַנ־גען אַרונטערקייקלען זיך אין אַן אָפּגרונט.

נאָך אַ לאַנגן קייקלען זיך האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ פעלז, וואָס איז געלעגן אין אַ שמאָל טייכעלע צווישן צוויי הויכע בערג.

ערשט ווען ער האָט אַרויפגעקוקט צום הימל, האָט ער פאַרשטאַנען, ווי טיף עס איז דער אָפּגרונט, אין וועלכן ער האָט זיך אַרונטערגעקייקלט. זיין ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז ער דאַרף אַרויסקריכן פון דעם טיפן תהום. אָבער ביידע זייטן באַרג זיינען געווען אַזוי גליטשיק און ליימיק, אַז ער האָט זיך געקייקלט אויף צוריק, ווי נאָר ער האָט אַ שטעל געטאָן אַ פּוס. יוסף גוטמאַן האָט אָנגעהייבן נוצן זיין ביקס אַלס אָנ־שפּאַר, אָבער מיט איין אָנשפּאַר האָט ער נישט געקענט נוצן ביידע פיס, איינעם נאָכן צווייטן. יוסף גוטמאַן האָט זיך דאַן דערמאָנט, אַז ער האָט אויף זיין קערפּער אַ שטעקעלע מיטן אויסגעשניצטן פּסוק, וואָס זיין פאָטער האָט אים מיטגעגעבן אין וועג אַריין. הגם דאָס שטעקעלע איז נישט געווען גרויס און זייער שטאַרק, האָט ער אָבער געקענט זיין פאַר אים ווי

אַ צווייטער אָנשפּאַר און צוזאַמען מיט דער ביקס איִם פּאַר־היטן פון אויסגליטשן זיך און זיך אַרונטערקייקלען אַ צווייטן מאָל. אַזוי אַרום, נאָך אַ לאַנגן קריכן, האָט זיך אים איינגע־געבן אַרויסצוקריכן פון דעם ,תהום, ווו ער וואָלט זיכער אומ־געקומען...

ווען יוסף האָט ענדלעך דערפילט אונטער זיינע פיס די פעס־טע האַרטע ערד, האָט ער צוגעטראָגן זיין מויל צו דעם שטע־קעלע און מיט גרויס פרייד אַ קלער געטאָן: „דו, שטעקעלע, האָסט מיך אַרויסגעשלעפּט פון אַ צרה. געבענטשט זאָלסטו מיר זיין, דו און דיין יעדער אות, וואָס איז אויסגעשניצט אויף דיר! געבענטשט זאָלן זיין מיינע עלטערן, וואָס זיי האָבן גע־צוווּנגען דיך מיטצונעמען מיט זיך! געבענטשט זאָל זיין דער רב, וואָס האָט געהייסן מיין פאָטער מיר מיטגעבן דאָס שטע־קעלע אין וועג אריין!".

פון יענעם מאָמענט אָן האָט ער זיך נישט געשיידט פון דעם שטעקעלע אויף קיין איין מינוט אפילו, ביז צום סוף פון דער מלחמה.

ווען עס האָט זיך געענדיקט דער קריג און זיין לעגיאָן איז אַריינגעקומען קיין שטראַסבורג פון עלזאַס, האָט יוסף בלייך אויסגעזוכט דעם דאָרטיקן רב. ווייל אַזוי האָבן אים אָנגעזאָגט זיינע עלטערן, אַז וווהין ער קומט, זאָל ער געבן צדקה דורכן רב.

ווען יוסף האָט באַקומען זיין ערשטן אורלויב, איז ער גע־גאַנגען זיך באַקענען מיטן רב און געבן דורך אים נדבות פאַר די נויטבאַדערפטיקע יידן פון עלזאַס.

— איך קען גוט דיין פאָטער — האָט צו אים געזאָגט דער רב פון שטראַסבורג — הגם מיר האָבן זיך ביז איצט קיינמאָל נישט באַגעגנט. איך האָב פיל געהערט וועגן אים און וועגן זיין געבן צדקה סיי אין פראַנקפורט, סיי אין אנדערע פלעצער, ווו עס זיינען פאַראַן יידן.

פון דעם געשפּרעך, וואָס יוסף האָט פאַרפירט מיטן רב, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רב ווייסט וועגן זיין מוטערס קראַנקהייט און אַז זי איז געזונט געוואָרן פלוצלונג, דורך אַ נס..

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

ביי די דאָזיקע רייד האָט יוסף אַרויסגעשלעפּט פון אונטער זיינע קליידער דאָס שטעקעלע מיטן אויסגעשניצטן פּסוק און געזאָגט:

— מיין פאָטער פלעגט שטענדיק דערמאָנען מיט דאַנקבאַר־קייט דאָס ירושלימער יינגל, וועלכעס האָט אים געגעבן דאָס שטעקעלע. מיין פאָטער גלייבט, אַז די ברכות, מיט וועלכע דאָס יינגל האָט אים געזעגנט, זיינען מקוים געוואָרן און מיין מו־טער איז געזונט געוואָרן... און דערפאַר גלייבט ער אויך, אַז דאָס שטעקעלע וועט מיך אָפּהיטן פון טויט און פון ווערן פאַר־וואונדעט, אויב איך וועל עס האַלטן מיט זיך שטענדיק, ביז דעם סוף פון קריג...

יוסף גוטמאַן האָט אויפריכטיק דערציילט דעם רב פון על־זאַס, ווי אַזוי ער האָט צום אָנפאַנג געוואָלט פּטור ווערן פון דעם שטעקעלע, וויל עס האָט אים נישט ווייניק געשטערט.

— אָבער עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס שטעקעלע האָט מיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן! און וויפל איך האָב געזוכט זיך צו באַפרייען פון אים, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן — האָט צוגעגעבן יוסף גוטמאַן זעענדיק ווי דער רב באַטראַכט יעדן אות.

— אַ פיין שטעקעלע מיט פיין אויסגעשניצטע אותיות — האָט באַמערקט דער רב.

יוסף גוטמאַן האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און דער־ציילט דעם רב, ווי אַזוי ער האָט זיך אַרונטערגעקייקלט אין דעם טיפן אָפּגרונט אין דער פינצטערער נאַכט, נאָך דער גרוי־סער שלאַכט.

— איר מעגט מיר גלייבן, רבי, ווען נישט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט מיר געדינט אַלס אַ צווייטער אָנשפּאַר, וואָלט איך קיינמאָל נישט באַוויזן אַרויסצוקריכן פון דעם גליטשיקן און ליימיקן אָפּגרונט... איך האָב גאָר אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם שטעקעלע...

— ריכטיקער, מיין זון — האָט דער רב אים איבערגעשלאָגן
— דאַרפסטו דאַנקבאַר זיין דעם אייבערשטן, וואָס האָט גע־הייסן דעם רב פון פראַנקפורט אָנזאָגן דיין פאָטער, אַז ער זאָל דיר מיטגעבן דאָס שטעקעלע אין וועג אַריין...

## זינא ראַבינאָוויטש

— און דערפֿאַר, רבי, ווייל איך בין אַרויס בשלום פֿון דעם טיפֿן אָפּגרונט, וואָלט איך געוואָלט מנדב זיין דורך אייך פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע פֿון אייער שטאָט.

יוסף גוטמאַן האָט אַזוי נושא חן געווען ביי דעם רב פֿון שטראַסבורג, אַז ער האָט אים איינגעלאַדן צו קומען צו אים יעדן טאָג, ווען ער קען זיך נאָר באַפֿרייען פֿון זיינע אַרמיי־פֿליכטן. אַן אָפֿטער אריינגייער איז יוסף גוטמאַן געוואָרן ביים רב אין הויז. דער רב פֿלעגט מיט אים לערנען אַ בלאַט גמרא און נאָכן לערנען פֿלעגט יוסף אַריינקוקן אין די ספֿרים פֿון דעם רבס גרויסער ביבליאָטעק.

מיט זיינע שיינע מידות און מיט זיין לערנען האָט יוסף גוטמאַן נושא חן געווען נישט נאָר ביים רב, נאָר אויך ביים רבס טאָכטער, און ווען דאָס לאַנד האָט זיך בארואיקט נאָכן קריג, האָט ער חתונה געהאַט מיט איר.

צו דער גרויסאַרטיקער חתונה, וואָס מען האָט געפּראַוועט אין שטראַסבורג פֿון עלזאַס, זיינען געקומען רבנים און געלערנ־טע יידן פֿון אַלע עקן אייראָפּע.

מען האָט געהאַלטן קלוגע רעדעס בעת דער חתונה און אַלע געסט האָבן געבענטשט אי די עלטערן פֿון חתן־כלה, אי דאָס יונגע פּאָרל. בענטשנדיק זיי האָט מען זיי צוגעווונטשן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין אַזעלכע גוטע יידן ווי די עלטערן...

די ברכות זיינען מקויים געוואָרן. דאָס יינגעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביי יוסף גוטמאַנען און פֿרוי, איז געווען מיט אַלע מעלות: קלוג, שיין און פֿעיק צום לערנען.

צו זעקס יאָר האָט דער קליינער בנימין שוין געלערנט חומש. און ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, איז ער שוין געווען אַ בקי אין יידישע לימודים און צו דער זעלבער צייט האָט ער שוין געלערנט אין פּאַריזער אוניווערזיטעט.

גליקלעך זיינען געווען זיינע עלטערן. און די עלטערן פֿון זיינע עלטערן זיינען אויך געווען שטאַרק צופֿרידן מיט זייער גראָטענעם אייניקל.

אָבער זייער פֿרייד האָט לאַנג נישט געדויערט.

אין 1914 איז נאָכאַמאָל אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן דייטש־לאַנד און פֿראַנקרייך. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דאָס

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

פייער פון מלחמה האָט אָנגעצונדן גאַנץ אייראָפּע און האָט פאַרשלעפּט צו די פראָנטן אַלע יונגע בחורים.

אויך בנימין גוטמאַן האָט געדאַרפט גיין אין קריג. ער האָט אָבער פיינט געהאַט צו שיסן. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו זיצן איבער ביכער און לערנען.

עס האָט זיך דעריבער אָנגערוקט אויף די גוטמאַנס אַ גרויסע כמארע, באַלד נאָכן אויסברוך פון קריג.

דער וואָלקן פון אומעט איז געוואָרן נאָך שווערער און טונקעלער צוליב דעם, וואָס בנימין גוטמאַן האָט נישט געקענט באַשליסן צו וועלכן צד ער זאָל צושטיין...

זאָל ער גיין פאַרטיידיקן דעם פראַנצויז — וועט דאָס הייסן, אַז ער דאַרף האַלטן מלחמה קעגן זיין אייגענעם פאָטער, וועלכער שטאַמט פון פראַנקפורט און קעגן זיין זיידן, דעם באַוווסטן סוחר און בעל צדקה, ר׳ יעקב גוטמאַן...

אָבער ווי אַזוי האָט ער געקענט גיין צוזאַמען מיטן דייטש, ווען זיין מוטערס היימלאַנד איז געווען פראַנקרייך, דאָס לאַנד וווּ יידן האָבן שטענדיק געהאַט מער רעכט און פרייהייט ווי אין דייטשלאַנד?...

בנימין גוטמאַן האָט אויך די מוטערשפּראַך זיינע, פראַנצויזיש, פיל מער ליב געהאַט ווי דייטש. דעריבער איז אַ גרויסער קאַמף אָנגעגאַנגען אין בנימינס האַרצן. דער קאַמף האָט פון אים אַוועקגערויבט זיין שלאָף און זיין רו, און ער האָט אויפגעהערט צו עסן. טרויעריק זיינען געוואָרן בנימינס עלטערן, זעענדיק ווי זייער זון קעמפט מיט זיינע אייגענע געפילן.

איז יוסף גוטמאַן אַוועקגעגאַנגען צום רב פון שטאָט פרעגן ביי אים אַן עצה. דער רב האָט געזאָגט דעם פאָטער, אַז זיין זון, בנימין, מוז אַליין באַשליסן, אין וועלכער אַרמיי ער זאָל זיך אָנשליסן...

אַן אומעטיקער האָט זיך אומגעקערט יוסף גוטמאַן פון דעם רב אַהיים. ווען ער האָט געעפנט די טיר פון זיין הויז, האָט ער באַגעגנט זיין זון שוין אַן אנטשלאָסענעם...

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און בנימין גוטמאַן האָט פאַרלאָזן דאָס הויז פון זיינע עלטערן. אָבער איידער ער האָט געדאַרפט אָפּפאָרן, האָבן זיינע עלטערן געמאַכט פאַר אים אַ

יום־טובדיקן באַנקעט, פּונקט ווי יוספס עלטערן האָבן דאָס געמאַכט פאַר זייער זון, איידער ער איז אַוועק אין דער אַרמיי.

נאָכן מאָלצייט האָט יוסף גוטמאַן אַרויסגענומען פון זיין ביכער־שאַנק דאָס שטעקעלע, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעשניצט דער פּסוק „כי תבואו אל הארץ ונטעתם”. דאָס שטעקעלע האָט ער נישט אָפּגעגעבן זיינע עלטערן, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון קריג.

— קאָנסטו דאָס שטעקעלע, זון מיינער? — האָט געזאָגט יוסף גוטמאַן צו זיין זון בנימין — ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קינד, פלעג איך דיר דערציילן, ווי אַזוי דאָס שטעקעלע האָט מיר אַרויסגעראַטעוועט פון אַ גליטשיקן און ליימיקן אָפּגרונט אין דער צייט פון קריג, אין יאָר 1870. נעם דאָס שטעקעלע מיט זיך און היט עס אָפּ ביי זיך ביזן סוף פון קריג, ביז דו וועסט זיך צוריקקערן בשלום אהיים...

## קאַפּיטל זיבן

ווען בנימין גוטמאַן האָט פאַרלאָזן זיין היים, האָט ער האַלטנדיק דאָס שטעקעלע אין די הענט אַזוי געטראַכט:

— מיין פאָטער האָט זיך געקענט אַרומטראָגן מיט אַ שטעקעלע אין יאָר 1870, ווייל אין יענער מלחמה איז מען געגאַנגען צופוס, אָדער געריטן אויף פערד און אייזלען... אָבער גאָר אַנדערש איז דער קריג פון 1914. אין דעם קריג וועט מען זיך שלאָגן מיט טאַנקען. איך מוז פּטור ווערן פון דעם שטעקעלע, ווייל עס וועט מיר שטערן! איך וועל קומען קיין פּאַריז און איבערלאָזן דאָס שטעקעלע, איידער איך וועל גיין אין קאַזאַרמע!

בנימין האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן דאָס שטעקעלע אין מיטן גאַס, עס זאָל נישט אַריינפאַלן אין גוישע הענט. איז ער דעריבער, ביי זיין אָנקומען קיין פּאַריז, געגאַנגען צוערשט אין דער גרויסער סינאַגאָגע.

דאָרט איז ער געווען אַ שטיקל צייט און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן צו גיין, האָט ער געלאָזט ליגן דאָס שטעקעלע אויפן זעלבן פּלאַץ, ווו ער האָט עס אַוועקגעלייגט ביים אַריינקומען.

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

אַ צופרידענער איז ער אַרויסגעגאַנגען פון דער סינאַגאָגע. ער האָט געוווּסט, אַז אַלע משרתים דאָרט זיינען ייד,ן און ער איז דעריבער געווען זיכער, אַז דאָס שטעקעלע מיטן אויסגע־שניטן פסוק אויף אים וועט נישט אריינפאַלן אין קיין גוי־אישע הענט.

אָבער איידער בנימין גוטמאַן האָט באַוויזן אַריבערצוגיין די גאַס, האָט אים אָנגעיאָגט איינער פון די משרתים פון דער סינאַגאָגע:

— איר האָט פאַרגעסן אייער שטעקעלע, מאָסיע! — האָט אויסגערופן דער משרת — ביי אונדז אין סינאַגאָגע ווערן קיין שום זאַכן נישט פאַרפאַלן. דאָך בין איך צופרידן, וואָס איך האָב אייך אָנגעיאָגט... איר וואָלט זיכער זיך געווען געזאָרגט וועגן דעם פּראַכטפולן שטעקעלע, ביז איר וואָלט זיך דערמאָנט, אַז איר האָט אים פאַרגעסן אין דער גרויסער סינאַגאָגע... אַזאַ טייערע זאַך איז אַ שאָד צו פאַרלירן!...

— און פאַרוואָס מיינט איר, אַז עס איז אַזאַ טייערע זאַך?

— האָט געפרעגט בנימין נעמענדיק אין די הענט אריין דאָס שטעקעלע.

— איר ווייסט אַליין, מאָסיע, אַז אַזעלכע אויסשניצונגען קאָנען מאַכן אויף האָלץ נאָר גרויסע קינסטלער... אַזעלכע קינסטלער זיינען אפילו אין אונדזער פאַריז נישטאָ.

בנימין גוטמאַן האָט אַרונטערגערוקט דאָס שטעקעלע צו־ריק צו זיך אונטער זיינע קליידער און איז אַוועקגעפאָרן צו דער קאַזאַרמע. דעם גאַנצן וועג האָט ער געטראַכט: „איך זע אין דעם אַ סימן, אַז עס איז מיין פליכט צו טאָן דאָס, וואָס מיין פאָטער האָט מיר אָנגעזאָגט: צו האַלטן דאָס שטעקעלע ביי זיך ביזן סוף פון קריג".

---

בנימין גוטמאַן האָט זיך צוגעוווינט צו האַלטן דאָס שטע־קעלע אונטער זיינע קליידער, אַז קיינער זאָל עס נישט באַ־מערקן.

מיטן שטעקעלע האָט ער געגעסן, מיט שטעקעלע פלעגט ער שלאָפן, מיטן שטעקעלע פלעגט ער גיין אויף מאַנעווערס.

און ווען עס איז געקומען די צייט פון שלאַכטן אויפן פראָנט, האָט ער זיך אויך נישט געשיידט מיטן שטעקעלע.

איין מאָל איז בנימין גוטמאַן אָפּגעריסן געוואָרן פון זיין ראָטע סאָלדאַטן. ער האָט זיך פּלוצלונג דערזען איינער אַליין אַרומגערינגלט פון דייטשן. זעענדיק, אַז איינער אַליין וועט ער זיך נישט קענען ספּראַווען מיט זיינע שונאים, האָט ער אָנגעהויבן אַנטלויפן. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן אים נאָכגעיאָגט און נאָכגעשאָסן פון דער ווייטנס.

לויפנדיק האָט בנימין צעשפּיליעט זיין מאַנטל, עס זאָל אים זיין לייכטער צו לויפן. דאָס שטעקעלע זיינס, וואָס איז געווען דאָס מאָל אונטער זיין מאַנטל, איז אַרונטערגעפאַלן און פאַלנדיק פאַרטשעפּעט בנימינס פיס, און ער איז געפאַלן צו דער ערד.

ווען די דייטשן זיינען זיך צעגאַנגען, הטאָ בנימין אָנגעהייבן „פּראַנצוויז" איז געפאַלן, האָבן זיי געמיינט, אַז ער איז געפאַלן פון איינעם פון זייערע קוילן. האָבן זיי אויפגעהערט אים נאָכצויאָגן, ווייל איינער פון זיי האָט לאַכנדיק געזאָגט צו די אַנדערע: „נאָך ווער... 

ווען די דייטשן זיינען זיך צעגאַנגען, האָט בנימין אָנגעהייבן קריכן אויף אַלע פיר צום וועג פון זיין אַרמיי. בעת ער האָט זיך גערוקט האָט ער געטראַכט: „דאָס שטעקעלע האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט"... עס האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון אריינצופאַלן אין די דייטשע הענט"...

ווי אַזוי דאָס שטעקעלע האָט אָפּגעראַטעוועט בנימין גוטמאַנען פון אַ זיכערן טויט דאָס צווייטע מאָל, האָט ער נישט געדענקט.

איין זאַך האָט בנימין בלויז געדענקט: ער איז געלעגן אויף דער ערד, אין אַ וואַלד, און דער וואַלד האָט געברענט פון אַ גרויסער שלאַכט. דאָס פייער פון דער שיסעריי איז געווען אַזוי נאָנט פון אים, אַז ער האָט פאַרמאַכט די אויגן דאָס נישט צו זען. ווי לאַנג ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן צוגעמאַכט, האָט ער נישט געדענקט. ווען ער האָט זיי אויפגעעפנט, האָט ער זיך דערזען ליגן אויף אַ ווייסן און ריינעם בעט.

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

„ווער האָט עס מיך געבראַכט אַהער? — האָט בנימין אַ קלער געטאָן פֿאַרומקוקנדיק זיך — צי איז דאָס אַ חלום, וואָס איך זע דאָ?".

נאָכאַמאָל האָט בנימין צוגעמאַכט זיינע אויגן כדי צו זען דעם שיינעם גוטן חלום. ער האָט אָבער דערהערט אַ ווייכע פֿרויען־שטימע, וואָס האָט גערעדט צו אים אַזוי: „ביז וואַנען וועסטו שלאָפֿן, סאָלדאַט? מיר ווילן דיר געבן אַ רפֿואה און דו שלאָפֿסט!"...

ערשט דאַן האָט בנימין פֿאַרשטאַנען, אַז די פֿרוי איז אַ קראַנקן־שוועסטער און אַז ער געפֿינט זיך אין אַ שפּיטאָל.

ווער האָט עס אים געבראַכט אין שפּיטאָל אַריין? ער האָט דאָס געוואָלט אַ פֿרעג טאָן, אָבער זיין צונג האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט.

„איך בין פֿאַרוואונדעט — האָט בנימין אַ קלער געטאָן — דערפֿאַר קען איך נישט רעדן! ווי לאַנג וועל איך נישט האָבן קיין לשון צו רעדן? אפֿשר וועל איך שוין מער קיינמאָל נישט קענען רעדן? אפֿשר בין איך שוין געוואָרן שטום אויף אייביק?"...

דער דאָזיקער געדאַנק האָט אַזוי אויפֿגערעגט בנימינען, אַז ער האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול. לאַנג האָט אים די קראַנקן־שוועסטער געלאָזט וויינען און שרייען, ווייל זי האָט געהאָפֿט, אַז דורך זיין געוויין וועט זיך דורכרייסן זיין לשון און אַז ער וועט קענען רעדן.

די קראַנקן־שוועסטער האָט טאַקע געטראָפֿן. נאָך אַ לאַנגן הילפֿסלאָזן געשריי האָט זיך דורכגעריסן זיין לש־ן, און ער האָט אויסגעשריען:

— מיין שטעקעלע! וווּ איז מיין שטעקעלע?!

---

עס האָט זיך בנימינען נישט געגלייבט, אַז דאָס וואָס זיינע אויערן הערן, איז זיין אייגענע שטימע. דערפֿאַר האָט ער גע־האַלטן אין איין שרייען „מיין שטעקעלע! גיט מיר צוריק מיין שטעקעלע!"

## זינא ראַבינאָוויטש

אויף זיינע געוואַלדן האָט זיך אָפּגערופן דער הויפּט־דאָק־טער:

— וואָס שרייסט אַזוי, דו פּרא אָדם איינער!? ווייסטו נישט, אַז אין אַ שפּיטאָל טאָר מען נישט שרייען!?

אָבער בנימין גוטמאַן האָט זיך געמאַכט אַ קליינעם ווען פון דעם דאָקטער. ער האָט געהאַלטן אין איין פאָדערן מיט אַ געשריי: „מיין שטעקעלע! גיט מיר צוריק מיין שטעקעלע!"

— און אויב איך וועל דיר צוריקגעבן דיין „קמיע" — האָט אָפּלאַכנדיק פון אים זיך אָנגערופן דער דאָקטער — וועסטו מיר זאָגן, וואָס עס איז אויסגעשניצט אויפן שטעקעלע?

בנימין האָט דערפילט, אַז דער דאָקטער מאַכט חוזק פון אים. האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע און אים אפילו נישט געוואָלט ענטפערן.

— אויב דו וועסט מיר נישט זאָגן, וואָס איז דער טייטש פון די אויסגעקריצטע ווערטער — האָט ווידער געזאָגט דער דאָקטער — וועל איך אַרויסרופן דעם רב אהערצו. דער הויפּט־רב פון וואַרשע וועט זיכער ווייסן, וואָס די אותיות באַדייטן...

ערשט דאַן האָט בנימין גוטמאַן פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, און אַז דער דאָקטער איז חושד, אַז אויף זיין שטעקעלע זיינען אויסגעקריצט שפּיאָנאַזש־סמנים...

ער האָט זיך באַלד אויסגעדרייט מיטן פּנים צום דאָקטער און אים געזאָגט:

— אויף מיין שטעקעלע איז אויסגעקריצט אויף לשון קודש „כי תבואו אל הארץ ונטעתם" — ווען איר וועט קומען אין לאַנד אַריין זאָלט איר פלאַנצן!

— אין דעם טאָקע בין איך דיר חושד געווען — האָט זיך אָנגערופן דער דאָקטער — און וואָס פאַרא ביימער קלערסטו צו פלאַנצן פאַר שפּיאָנאַזש, האַ?!

— מיין הער! איך בין נישט קיין שפּיאָן! און איך קום נישט פון אַ משפּחה פון שפּיאָנען! איך שטאַם פון דער באַ־ווּסטער משפּחה גוטמאַן. מיין פאָטער און מיין זיידע זיינען גרויסע סוחרים! זיי ציען זייער יחוס פון עטלעכע דורות אַלט...

— אָבער וואָס האָבן זיי אויסגעקריצט פאַר דיר אויפן שטע־

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

קעלע? — האָט אים דער דאָקטער איבערגעשלאָגן אין זיינע רייד.

— נישט זיי האָבן אויסגעקריצט די אותיות אויפן שטעקע־לע... דאָס שטעקעלע האָט מיין זיידע, ר׳ יעקב גוטמאַן, גע־בראַכט פון ירושלים מיט יאָרן צוריק. אַ יינגל, וואָס פלעגט שרייבן ספרי תורות, האָט אויסגעקריצט אַ פסוק פון דער תורה אויפן שטעקעלע און אויסגעקריצט האָט ער דעם פסוק, ווייל דער זיידע מיינער פלעגט פלאַנצן נדבות, ווהין ער פלעגט נאָר קומען, אין זיין זון און אייניקל האָט ער אויך אָנגעזאָגט צו טאָן דאָס זעלבע: געבן צדקה, ווו זיי וועלן זיך געפינען... גלויבט מיר, דאָס איז דער גאַנצער אמת!

דער דאָקטער האָט געגלייבט, אַז בנימין זאָגט דעם אמת, און ער האָט אים געלאָזט צורו. אין דעם מאָמענט איז אַריינ־געקומען אין שפיטאָל אַריין אַ מאַן. אויף זיינע קליידער איז געווען אַ רויטער קרייץ.

דער מאַן מיטן רויטן קרייץ האָט באַלד אַ פרעג געטאָן דעם דאָקטער אויף דייטש:

— וואָס מאַכט דער „פראַנצויזישער שפיאָן", וואָס איך האָב אייך געבראַכט ביינאַכט? האָט ער שוין אייך דערציילט, וואָס עס באַדייטן די שפּיאָנאַזש־סמנים, וואָס ער טראָגט אויסגע־קריצט אויף זיין שטעקעלע? ווען נישט דאָס שטעקעלע מיט די שפּיאָנאַזש־סמנים, וואָלט איך אים געלאָזט פוילן, ווו ער איז געלעגן, אין וואַלד...

ווען בנימין גוטמאַן האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט ער מיט זיין שוואַכער האַנט צוגעדריקט צו זיין פאַר־ווונדעטן האַרצן דאָס שטעקעלע און שטיל אַ פליסטער גע־טאָן, גלייך ווי צו זיך אַליין: „געבענטשט זאָלסטו מיר זיין, שטעקעלע! געבענטשט זאָל זיין יעדער אות, וואָס דאָס ירושלי־מער יינגל האָט אַמאָל אויסגעקריצט אויף דיר! געבענטשט זאָלן זיין מיינע טאַטע־מאַמע, וואָס זיי האָבן מיר מיטגעגעבן דאָס שטעקעלע! איך וועל זיך מיט דיר נישט שיידן, ביז ווא־נען מיר וועלן ביידע בשלום זיך אומקערן אַהיים נאָכן קריג"...

זינא ראַבינאָוויטש

## קאַפּיטל אַכט

ווען דער דאָקטער האָט זיך צערעדט מיט בנימינען און האָט זיך דערוווסט, אַז ער איז אַ סטודענט פון דעם פּאַריזער אוני־ווערזיטעט, איז ער גאָר באַפריינדעט געוואָרן מיט אים. נאָך דעם ווי זיינע ווונדן האָבן זיך פאַרהיילט, האָט אים דער דאָק־טער איינגעלאַדן צו קומען אים באַזוכן אין זיין היים.

ביים דאָקטער אין דער היים האָט זיך בנימין באַקאַנט מיטן דאָקטערס טאָכטער. די טאָכטער איז געווען זייער אַ שיינע און זי איז זייער געפעלן געוואָרן בנימינען. עס איז אים אָבער נישט געפעלן געוואָרן, וואָס סיי דער פאָטער, דער דאָקטער, און סיי די טאָכטער האָבן נישט ליב געהאַט קיין יידן, כאָטש זיי אַליין זיינען געווען יידן. זיי פלעגן אָפּלאַכן פון יעדער זאַך, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט יידן און מיט דער יידישער שפּראַך. דערפאַר טאַקע האָט בנימין נישט געזאָגט דער טאָכ־טער, אַז זי געפעלט אים.

ווען דער קריג האָט זיך פאַרענדיקט, און אַלע קריגס־גע־פאַנגענע זיינען באַפרייט געוואָרן, איז ער אויך באַפרייט גע־וואָרן און געפאָרן אַהיים צו זיינע עלטערן קיין עלזאַס.

עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט. בנימין גוטמאַן האָט שוין כמעט געהאַט פאַרגעסן דעם דאָקטער און זיין טאָכטער. אָבער אין איין שיינעם טאָג האָט ער באַקומען אַ בריוו פון זיי, פון וואַרשע. אין דעם בריוו האָבן זיי אים איינגעלאַדן צו קומען זיי באַזוכן, דאָסמאָל נישט ווי קיין קריגס־געפאַנגענער, נאָר ווי אַ פרייערע פראַנצויזישער בירגער.

בנימין גוטמאַן האָט געפילט, אַז ער נאַרט אָפּ זיינע עלטערן, ווען ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער פאָרט זיך דורך קיין וואַרשע, בדי צו באַגעגענען זיך דאָרט מיט דעם דאָקטער, וואָס האָט אים אויסגעהיילט זיינע ווונדן.

וועגן דעם דאָקטערס טאָכטער האָט ער גאַרנישט דער־מאָנט. ביז אין איין שיינעם טאָג, נאָכן פאַרברענגען אין וואַר־שע אַ געוויסע צייט, האָט ער טעלעגראַפירט זיינע עלטערן, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט דעם דאָקטערס טאָכטער...

אַלץ וואָס האָט פּאַסירט מיט אים אין וואַרשע האָט פּאַסירט

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

אַזוי שנעל, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו באַמערקן, אַז ער איז געשטימט גאַנץ אַנדערש ווי דער פאָטער און די טאָכטער... ער האָט אפילו נישט באַגריפן צו דער צייט, אַז זייער גוטע באַציונג צו אים האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס ער לערנט זיך אין אַ פראַנצויזישן אוניווערזיטעט, וואָס עס קען אייראָפּעישע שפּראַכן, אָבער נישט דעם פאַקט, וואָס ער איז אַ גוטער ייד און האָט אַ סך יידיש וויסן.

עס איז נישט אַריבער קיין סך צייט און בנימין גוטמאַן האָט דערפילט, אַז צווישן אים און זיין יונגער פרוי מיט איר פאָטער ליגט אַ טיפער אָפּגרונט.

די ערשטע ערנסטע קריגערייַ צווישן זיי איז פאָרגעקומען איינמאָל בייטאָג, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון זיין ביורא אַהיים עסן מיטאָג.

אַריינקומענדיק אין קאָרידאָר האָט ער דערזען אין מיסט, וואָס די דינסט האָט געהאַלטן ביים אויסקערן פון הויז, זיין שטעקעלע מיטן אויסגעשניצן פּסוק.

בנימין גוטמאַן האָט אַרויסגעשלעפּט זיין שטעקעלע פון דעם מיסט, עס אָפּגעווישט ווי מען ווישט אָפּ אַ הייליקע זאַך און עס אַריינגעטראָגן אין עס צימער, וווּ זיין פרוי האָט גע־וואַרט אויף אים ביים געגרייטן טיש.

—ווער האָט געהייסן דער דינסט אַרויסקערן מיין שטעקע־לע מיטן מיסט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן שטילערהייד, באַ־האַלטנדיק זיין כעס ביי זיך אין האַרצן.

— ווער? איך! איך בין דאָך דאָ די באַלעבאָסטע!

— עס איז אמת, אַז דו ביסט דאָ די באַלעבאָסטע אין הויז. אָבער מיינע זאַכן, וואָס זיינען מיר טייער, טאָרסטו נישט הייסן אַרויסוואַרפן! איך האָב דיר שוין פיל מאָל דערציילט, אַז אַדאַנק דעם דאָזיקן שטעקעלע איז מיין לעבן געראַטעוועט געוואָרן, צוויי מאָל.

— איך וויל שוין מער נישט הערן די דאָזיקע נאַרישקייטן — האָט אים באַלד איבערגעהאַקט די רייד זיין פרוי — איך שעם זיך פּשוט פאַר דיר, וואָס דו, אַ געלערנטער מענטש, מאַכסט פון דעם שטעקעלע אַ געטשקע...

— איך מאַך נישט קיין געטשקע פון דעם שטעקעלע

— האָט ער איר איבערגעשלאָגן מיט כעס — אָבער איך יועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דאָס שטעקעלע קומט פון ירושלים, פון דער הייליקער שטאָט, אַז עס איז איבערגעגאַנגען פון זיידן צו מיין טאַטן און פון מיין טאַטן צו מיר... און איך האָף, אַז עס וועט נאָך איבערגיין אויך צו מיין זון...

— דאָס זיכער נישט! — האָט זיך מיט כעס אָפּגערופן זיין פרוי.

בנימין גוטמאַן האָט מער קיין וואָרט נישט געהערט. ער האָט איינגעוויקלט דאָס שטעקעלע אין פּאַפּיר, עס אַרויפגע־טראָגן אויפן בוידעם און באַהאַלטן, כדי קיינער זאָל עס נישט געפינען און נישט אַרויסוואַרפן פון הויז.

---

די צווייטע קריגעריי איז פאָרגעקומען צווישן בנימינען און זיין פרוי, ווען עס איז געבוירן געוואָרן זייער ערשט קינד. זיי האָבן זיך געקריגט צוליב אַ נאָמען.

בנימין גוטמאַן האָט געוואָלט אַ נאָמען געבן זיין געבוירע־נעם יינגל נאָך זיין זיידן, יעקב. אָבער זיין פרוי האָט בשום אופן נישט געוואָלט, אַז איר קינד זאָל מען רופן מיטן יידישן יעקב.

בנימינס ווייב האָט אויסגעפירט. מען האָט דאָס יינגעלע אַ נאָמען געגעבן סטעפאַן, אין פּויליש. ווען ער איז אונטערגע־וואָקסן, האָט מען אים אָנגעהייבן צו רופן ביים פאַרצוויגענעם נאָמען, סטעפעק.

סטעפעק איז געוואָקסן ווי אַ פּויליש קינד. מען האָט פאַר אים געזונגען פּוילישע לידלעך, אים דערציילט פּוילישע מע־שיות. ווען ער איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט מען אים אריינ־געגעבן אין איינער פון די פּוילישע שולעס, ווו עס האָבן גע־לערנט נאָר קינדער פון די פּוילישע אַריסטאָקראַטן און גבירים.

בנימין גוטמאַן האָט זיך געבעטן ביי זיין ווייב, אַז מען זאָל איינלאַדן אַהיים אַ יידישן לערער, אַז ער זאָל קומען עט־לעכע מאָל אין דער וואָך און לערנען מיטן קינד יידיש. אָבער זיין ווייב און איר פאָטער האָבן זיך אויסגעלאַכט פון אים.

— אונדזער סטעפעק האָט נישט קיין צייט צו לערנען אַ שפּראַך, אין וועלכער מען שרייבט פון רעכטס אויף לינקס..

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

וואָס וועט ער האָבן פון יידיש? — האָט אירגאַניזירט בנימינס פרוי — סטעפעק דאַרף נישט לערנען קיין „לשון קודש"! סטעפעק דאַרף לערנען אייראָפּעישע שפּראַכן, ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, אָבער נישט די נאַרישע זאַכן, וואָס פּאַסטן זיך פאַר אַלטע און קליינשטעטלדיקע יידן. סטעפעק וווינט אין וואַרשע, צווישן פּאָליאַקן, דאַרף ער אויסוואַקסן ווי אַ פּאָליאַק. די שכנים אונדזערע טאָרן זיך נישט אָנשטויסן, אַז ער איז אַ ייד...

בנימין גוטמאַן האָט געוווּסט, אַז זיינע רייד זיינען אומזיסט, און ער האָט אויפגעהערט זיך צו קריגן מיט די, וואָס האָבן פיינט געהאַט יידן און יידישקייט.

אָבער זיין האַרץ האָט אים נישט וויניק געווייטאָגט. אָפט, גאַנץ אָפט, פלעגט ער אָפּליגן גאַנצע נעכט און נישט קענען צומאַכן אַן אויג פון פאַרדרוס און יסורים.

אָפטמאָל פלעגט ער זיך אָפּרייסן פון דעם ערשטן געשמאַקן דרעמל, ווייל עס פלעגט זיך אים אויסדוכטן, אַז ער הערט אַ שטימע פון ערגעץ און אַז די שטימע זאָגט צו אים אַזוי:

„בנימין גוטמאַן! האָסטו פאַרגעסן, אַז דו ביסט דאָס אייניקל פון ר' יעקב גוטמאַן פון פראַנקפורט אם מיין? האָסטו פאַרגעסן, אַז דו ביסט אויך אַן אייניקל פון דעם שטראַסבורגער רב, פון דעם באַוווּסטן רב פון עלזאַס? דיינע עלטערן האָבן דיר געלערנט זיין אַ ייד. פאַרוואָס לערנסטו נישט דיין זון קיין יידישקייט? אָט וועט ער שוין באַלד בר־מצוה און ער קען נאָך אפילו נישט דעם אלף־בית"...

נאָך אַזעלכע נעכט פלעגט בנימין גוטמאַן אויפשטיין אַ צערודערטער און אומעטיקער. ער פלעגט זוכן אַ מעגלעכקייט צו רעדן מיט זיין פרוי און מיט איר פאָטער, מיטן אַלטן דאָקטער. זיי דערקלערן, אַז זיין לעבן האָט קיין זין נישט, אויב זיין זון וועט אויסוואַקסן ווי אַ פּויליש יינגל. אָבער זיי האָבן אים קיינמאָל נישט געוואָלט אויסהערן. דאַן פלעגט בנימין גוטמאַן אַוועקגיין פון דער היים גאַנץ פרי אין זיין ביוראָ אַריין, כדי דאָרט זיך צו פאַרגעסן אין זיין אַרבעט...

עטלעכע טעג פאַר סטעפעקס בר מצווה איז קיין פּוילן אַריין די נאַצי־אַרמיי. גוטמאַנס פרוי און איר פאָטער, דער

„פוילישער" דאָקטער, האָבן ניזט געגלייבט, אַז היטלער וועט אַזוי שנעל פאַרנעמען וואַרשע.

מען האָט צוגעגרייט צו סטעפּעקס דרייצנטן געבורטסטאָג אַ גרויסן יום-טוב, ווי אין רואיקע און נאָרמאַלע צייטן, גלייך ווי עס וואָלט נישט געלויערט קיין געפאַר אויף דער שטאָט און אירע יידן...

בנימין גוטמאַן האָט געוווּסט פאָרויס, אַז צו דעם יום טוב וועט זיין פרוי איינלאַדן נאָר פּאָליאַקן, אָדער אַזעלכע יידן וואָס האָבן יידישקייט פּונקט ווי זי און איר פאָטער. בנימין גוטמאַן האָט שוין געוווּסט אויף אויסנווייניק אַלע „חכמות", וואָס וועלן געזאָגט ווערן פון די פּוילישע קינדער, סטעפּעקס חברים, אַלע מעשיות, וואָס וועלן דערציילט ווערן, און אַלע לידער, וואָס וועלן געזונגען ווערן ביי זיין זונס „בר מצוה".

דאָס וואָרט „בר מצוה" האָט געעקבערט זיין מוח, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין אייגענער בר מצוה. דאָס הויז פון זיינע עלטערן איז געווען פול מיט רבנים און לערער און זייע-רע תלמידים, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען גלייך מיט אים אין די שוואַרצע פינטעלעך. מען האָט ביי דער פייערונג נישט נאָר געגעסן און געטרונקען, נאָר אויך פאַרהערט אַלע קינדער און מער פון אַלעמען האָט מען אויסגעפרעגט דעם בר-מצוה-יינגל אַליין. מיט גרויס אינטערעס האָבן זיך די געסט, פון קליין ביז גרויס, צוגעהערט צום בר מצוהס רייד. נישט נאָר האָט דאָס בר מצוה-יינגל פאַרשטאַנען יידישע זאַכן' ער האָט אויך גע-רעדט אייראָפּעישע שפּראַכן...

און וואָס ווייסט סטעפּעק צו זיין בר מצוה?

ניין! אַזאַ בר מצוה וויל ער נישט! זיין אַ שותף צו אַזאַ פייערונג קען ער נישט!

דעריבער איז בנימין גוטמאַן אַוועק פון זיין הויז אין טאָג פון זיין זונס בר מצוה גאַנץ פרי, כדי נישט צו זיין אין דער היים, ווען מען האָט זיך געגרייט צו דער פייערונג.

אָבער דער געדאַנק, אַז דאָס איז אַ טאָג פון זיין זונס בר-מצוה האָט אים נישט געלאָזט רוען, אפילו בעת ער איז געזעסן אין זיין ביוראָ. ער האָט אפילו יענעם טאָג נישט גע-קענט פאַרגעסן זיך אין זיין אַרבעט...

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

אַרום פיר אַזייגער האָט ער פאַרלאָזט זיין ביורא און האָט זיך געלאָזט גיין איבער די גאַסן פון וואַרשע. שפּאַצירנדיק אַזוי אין דער געגנט פון זיין ביורא האָט ער באַמערקט, אַז די טירן פון דער גרויסער שול זיינען אָפן. דאָס האָט אים זייער געוואונדערט, ווייל עס איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג.

אוים נייגיר פאַרוואָס די שול איז אַזוי ברייט אָפן אין סאַמע וואָכעדיקן טאָג, איז ער אַריינגעגאַנגען אינעווייניק. דאַן ערשט האָט ער דערזען, אַז אינעווייניק זיינען פאַראַן זייער פיל יידן, פרויען און קינדער.

בנימין גוטמאַן האָט זיך צוגעזעצט אין דער שול, כדי צו זען און הערן, וואָס עס קומט דאָרט פאָר, און צו דערוויסן זיך, פאַרוואָס די שול איז פול מיט מענטשן.

אויף דער בימה פון שול איז אַרויף אַ יונגער בחור און אין אַ פיינעם יידיש האָט ער זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע, אַזוי :

— יידן, ראַטעוועט אייערע קינדער! פאַרשפּעטיקט נישט, ווי דאָס האָבן פאַרשפּעטיקט די יידן פון דייטשלאַנד, וועלכע האָבן אונדז נישט געוואָלט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט. ווען זיי וואָלטן זיך צוגעהערט צו אונדזערע רייד אין צייט, וואָלטן זייערע קינדער געווען איצט אין ענגלאַנד, אָדער אין ארץ ישראל, ווו מען גיט אויף זיי אַכטונג מיט געטריישאַפט און ליבע. זיי האָבן אָבער אונדז נישט געוואָלט הערן, און דער־פאַר זיינען זייערע קינדער מיט זיי אין פאַרשידענע לאַגערן... אָבער איר, יידישע עלטערן, הערט איר דען נישט, ווי עס דערנענטערט זיך דער נאַצי? טרויט אונדז אָן אייערע קינדער, און מיר וועלן זיי אַרויספירן פון פוילן, ווייל עס איז נאָך פאַראַן אַ שעה צייט, אַ שעה און נישט מער! איילט זיך צו! מאָרגן ביינאַכט גייט אַרוים פונדאַנען די לעצטע גרופּע...

מיט אַן אָנגעווייטאָגט האַרץ האָט בנימין גוטמאַן פאַרלאָזט די שול. לאַנג האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון וואַרשע. אַרומגייענדיק האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן זיין זון.

ווען ער איז ענדלעך געקומען צו זיך אַהיים, האָט ער נישט געקלונגען אין טיר, נאָר ער איז אַריין שטילערהייד, אַז קיינער

זאָל אים נישט באַמערקן. ער האָט זיך אומישנע אַריינגעלייגט אין בעט און זיך געמאַכט קראַנק.

אַזוי איז ער אָפּגעלעגן אין בעט, ביז וואַנען אַלע געסט זיינען זיך צעגאַנגען. דאַן ערשט איז ער אַרונטערגעקומען אין עס-צימער, ווו עס זיינען נאָר געווען זיין ווייב און איר פֿאָטער, כדי מיט זיי צו איבערצורעדן וועגן דעם, וואָס ער האָט געהערט אין ער גרויסער שול.

— איר פֿראַוועט יום טובים ווי אין די אַלטע גוטע צייטן — האָט ער אָנגעפֿאַנגען — און אין שטאָט וואַרט מען אויף היטלערס אריינקומען! איר ווייסט דאָך, וואָס ער וועט טאָן מיט אונדז, יידן, ווען ער וועט אריינקומען. אויב איר ווילט נישט אַנטלויפֿן פֿונדאַנען, אויב אייער לעבן איז אייך נישט טייער, לאָמיר כאָטש ראַטעווען אונדזער קינד, אונדזער סטע-פֿעקן!

— און ווי אַזוי קענסטו אַרויסראַטעווען אונדזער סטע-פֿעקן? — האָט געלאַכט פֿון אים דער אַלטער דאַקטער — אפֿשר מיט דיין אַמאַליקן כישוף-שטעקעלע, אויף וועלכן עס זיינען אויסגעשניצט די לעכערלעכע ווערטער אין דיין „לשון קודש”? . . .

— סטעפֿעק איז אַ בלאָנדער ייִנגל — האָט געזאָגט גוט-מאַנס ווייב — ער זעט אויס ווי אַן אמתער פּאָליאַק! און היטלער וועט קיין שלעכטס נישט טאָן די פּאָליאַקן . . .

— און איך זאָג אייך, אַז אונדזערע „גוטע שכנים”, די פּאָליאַקן, אין וועלכע איר גלייבט אַזוי, וועלן ביי דער ערשטער געלעגנהייט אייך מסרן. זיי וועלן מסרן אייך און אונדזער קינד! לאָמיר אים אַרויסראַטעווען פֿון דאַנען!

בנימין גוטמאַן האָט געפֿילט, אַז אומזיסט רעדט ער צו זיין פֿרוי און צו זיין שווער. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף זיי און איז צוריק אַריין אין זיין בעט. אָבער אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן:

„ביזן טאָג פֿון מיין זונס בר מצוה האָט איר געטאָן מיט אים, וואָס איר האָט געוואָלט. אָבער פֿון איצט אָן וועל איך טאָן מיט מיין זון, וואָס איך פֿיל פֿאַר נייטיק צו טאָן מיט אים . . .”

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

אויף מאָרגן האָט בנימין גוטמאַן פאַרלאָזט גאַנץ פרי דאָס הויז, נאָך אַ לאַנגער און שלאָפלאָזער נאַכט. אַ׳יך אין דעם דאָזיקן טאָג האָט ער נישט געקענט איינזיצן אין זיין ביורא. ווידער האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון וואַרשע. דער געדאַנק ווי אַזוי צו ראַטעווען זיין איינציקן זון האָט אים געהאַלטן אין איין עקבערן אין מוח.

אויך דאָסמאָל איז ער, שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן, אַריינ־געגאַנגען אין דער גרויסער שול. אויך דאָסמאָל איז די שול געווען פול מיט מענטשן. בנימין גוטמאַן האָט אויסגעזוכט מיט זיינע אויגן דעם בחור, וועלכער האָט נעכטן גערעדט פון דער בימה צו די פאַרזאַמלטע אין אַ פיינעם יידיש. ער איז צוגעגאַנגען צו אים:

— הער, — האָט ער אָנגעפאַנגען מיט אַ שוואַכער שטימע.

— איך בין נישט קיין „הער" — האָט געענטפערט דער בחור — מיין נאָמען איז פשוט עריק, איך היים עריק!

— איך וויל ראַטעווען מיין זון, עריק!

— און ווו איז אייער זון? האָט איר אים געבראַכט אַהער מיט זיך?

— ניין, ווי קען איך אים ברענגען אַהער, אַז מיין פרוי און איר פאָטער ווילן נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל אים פונ־דאַנען אַרויסנעמען. זיי גלייבן נאָך אַלץ, אַז היטלער וועט זיי קיין שלעכטס נישט טאָן.

מיט גרויס מיטלייד האָט עריק געקוקט אויף בנימין גוט־מאַנען.

— קען איך דען „קידנעפּן" פאַר אייך אייער זון און אים ברענגען מיט געוואַלד אַהערצו? — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ — און ווי אַלט איז אייער זון, הער?

— מיין נאָמען איז גוטמאַן. מיין זון איז ערשט נעכטן געוואָרן בר מצוה. ער איז דרייצן יאָר אַלט, עריק.

— איך פאַרשטיי אייך גאַנץ גוט, הער גוטמאַן, אַז איר ווילט ראַטעווען אייער זון. אָבער קען מען דען אַרויסכאַפּן מיט געוואַלד אַ ייִנגל פון דרייצן יאָר פון הויז, אויב ער וויל אַליין נישט גיין?

— ניין, אַליין וועט ער נישט קומען! זיין מוטער וועט אים

## זינא ראַבינאָוויטש

נישט לאָזן גיין . . . — האָט גערעדט שטיל, גלייך ווי צו זיך אַליין, בנימין גוטמאַן.

אָבער אין דער זעלבער מינוט האָבן אַנדערע יידישע על־טערן אַרומגערינגלט עריקן און אים אַוועקגענומען אין אַ זייט, כדי אים איבערצוגעבן די איינצלהייטן פון זייערע קינדער, וואָס זיי האָבן אים אָנפאַרטרויט.

ווען גוטמאַן איז געבליבן אַליין, האָט ער נישט אויפ־געהערט צו טראַכטן און איבערצוקייען עריקס ווערטער: „קידנעפּן, אַרויסכאַפּן מיט געוואַלד און אים ברענגען אַהער־צו" . . . אָבער ווי אַזוי? און אפשר וועט סטעפעק דאָך אויס־הערן, וואָס ער וועט אים דערציילן וועגן דער גרויסער היט־לער־געפאַר, וואָס רוקט זיך אָן אויף אַלע יידן און אויך אויף אים? ניין! סטעפעק איז דאָך פאַרסמט געוואָרן דורך זיין זיידן, דעם דאָקטער, וועלכער האַלט זיך פאַר אַן אמתן „פּאָליאַק". סטעפעקס מוטער גלייבט אויך, אַז זיינע בלאָנדע האָר און זיינע העל־בלויע אויגן וועלן אים ראַטעווען און אַז זיי וועלן קענען אָפּנאַרן היטלערס ראַסן־ספּעציאַליסטן . . . ניין! מען דאַרף זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן, מען דאַרף ברענ־גען סטעפעקן אַהער מיט געוואַלד, מיט כוח!

אַ שטיקל צייט האָט זיך בנימין גוטמאַן אַרומגעדרייט איז דרויסן, אַרום דער שול. דערנאָך איז ער אַריינגעגאַנגען אין איינער פון די גרויסע אַפּטייקן און האָט געזאָגט צום אַפּ־טייקער:

— שוין עטלעכע נעכט ניט געשלאָפן און איך בין אַזוי מיד, אַז איך קען גאָרנישט טאָן. גיט מיר שלאָף־פילן, אַז איך זאָל קענען היינט ביינאַכט כאָטש איינשלאָפן אויף עטלעכע שעה צייט . . .

— איב איר זייט שוין עטלעכע נעכט נישט געשלאָפן, וועל איך אייך געבן גאָר שטאַרקע פילן, הער גוטמאַן. איך פאַרזי־כער אייך, אַז היינט ביינאַכט וועט איר שוין שלאָפן . . .

דער אַפּטייקער האָט געגעבן גוטמאַנען אַ שאַכטעלע מיט פילן.

## קאַפּיטל צען

ווען גוטמאַן איז אַהיימגעקומען מיט די שלאָף-פּילן אין קעשענע, האָט ער נישט געקלונגען דעם גלאָק פון טיר. ער איז אַריין צו זיך אין הויז מיט זיין אייגענעם שליסל. ער האָט געוואָלט זען אין וואָס פאַרא געמיט ער וועט טרעפן זיין הויז־געזינד. אפשר זיינען שוין אויך צו זיין פרוי און שוועגער דער־גאַנגען די קלאַנגען וועגן דער דערנענטערונג פון היטלערן? אָבער גוטמאַן האָט נישט באַמערקט קיין שום ענדערונג אין דעם געמיט פון זיין הויז-געזינד. פון דער קיך האָבן זיך גע־טראָגן געשמאַקע, רייצנדע ריחות פון גוטע געקעכטסן. דער טיש אין עס-צימער איז געווען געגרייט אויף וועטשערע ווי שטענדיק. עס האָט געבלישטשעט אויף אים דער ווייסער טישטוך. עס האָט געמיניעט מיט הונדערטער קאָלירן דאָס גוטע גלאָזוואַרג און דאָס זילבער. די ליוסטערס האָבן געברענט אין אַלע ווינקעלעך פון דעם גרויסן הויז. אין סאַלאָן אויף אַ ווייכן שטול איז געלעגן די פּוילישע צייטונג און האָט געוואַרט אויפן אַלטן דאָקטער. אויפן דיוואַן איז געלעגן די מאָדע צייטונג פאַר פרויען און עס האָבן פון איר אַרויסגעקוקט אַלערליי נייע קליידער-מאָדעס . . .

— אויגן האָבן זיי, אָבער זיי זעען נישט, וואָס אַרום זיי טוט זיך — האָט אַ קלער געטאָן בנימין גוטמאַן באַקוקנדיק זיין באַקוועמע היים.

— ביסט שוין געקומען פון ביורא ? — האָט אַ פרעג געטאָן זיין פרוי אַריינקומענדיק אין סאַלאָן — וואָס הערט זיך עפּעס אין שטאָט ?

— אַלעס ווי געווען ! — האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו ענטפערן איר מיט אַ רואיקער שטימע.

— נישטאָ קיין נייעס, אין שטאָט איז רואיק, — האָט צו־געגעבן דער דאָקטער, וועלכער איז אויך אַריינגעקומען אין עס-צימער אין דער מינוט — איך האָב דיר געזאָגט, בנימין, אַז וואַרשע איז נישט קיין קליין שטעטעלע, וואָס מען נעמט איין אין אַ שעה צייט. עס וועט דעם דייטש קאָסטן גענוג בלוט, ביז וואַנען עס וועט זיך אים איינגעבן איינצונעמען וואַרשע...

— אָבער צוליב וואָס רעדן איצט וועגן מלחמה? — האָט גוטמאַן געשמייכלט מיט אַ געמאַכט שמייכעלע — ווען עס טראָגן זיך פון קיך אַזעלכע געשמאַקע ריחות? לאָמיר בעסער גיין עסן.

— אייך איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף — האָט געזאָגט סטעפעק אַריינקומענדיק.

— אָבער איך וועל היינט נישט גיין צום טיש אָן אַ „קאָק־טייל" — האָט געשפּאַסט גוטמאַן.

— דו ביסט דאָך דער „שר המשקים", פּאַפּאַ. טאָ גיי און פּאַרמיש אַ קאָקטייל פאַר זיך.

— היינטיקס מאָל וויל איך, אַז מיר אַלע זאָלן טרינקען „לחיים" צוזאַמען. צו דיין געבוירנטאָג, סטעפעק, האָב איך נישט געקענט אונטערקומען, ווייל איך האָב זיך יענעם טאָג געפילט זייער שלעכט. דערפאַר וויל איך איצט פאַרמישן אַ קאָקטייל פאַר אַלעמען . . . און איך וועל נישט פאַרגעסן אפילו אונדזערע דינסטן . . . איך בין זיכער, אַז איר האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אָן זיי בעת סטעפעקס יום טוב.

— געטראָפן, פּאַפּאַ, פאַרגעסן טאַקע אָן זיי.

— טאָ רוף איצט אַריין אַלעמען. לאָזט אפילו נישט דורך דעם טויער־היטער . . . עס קומט זיי אַלע אַ „לחיים" לכבוד דיין נעכטיקן געבורטסטאָג, סטעפעק!

און גוטמאַן איז אַריינגעגאַנגען אין אַ קליין צימערל, ווו ער מישט שטענדיק צונויף קאָקטיילס. אָבער דאָסמאָל האָט ער געדענקט, אַז מען דאַרף פאַרמישן די קאָקטיילס צוזאַמען מיט שלאָף־פּילן . . .

— און איצט לאָמיר אַלע טרינקען „לחיים" — האָט ער פריילעך אויסגערופן, דערלאַנגענדיק יעדן איינעם אַ גרויסע גלאָז מיט דער פאַרמישטער משקה — אָבער איידער מיר טרינקען „לחיים" לכבוד סטעפעקס דרייצן יאָריקן געבורטס־טאָג, וואָלט איך וועלן האַלטן אַ שטיקל רעדע לכבוד דעם בעל שמחה . . . געדענק סטעפעק, אַז דו זאָלסט שטענדיק, ווו דו זאָלסט נישט זיין, טראַכטן וועגן די, וואָס טרינקען איצט מיט דיר דעם „לחיים", איבערהויפּט וועגן דיינע עלטערן . . .

— דיין רעדע איז נישט קיין געלונגענע, פּאַפּאַ! — האָט

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

סטעפעק איבערגעשלאָגן זיינע רייד — וואָס עפּעס „געדענ־
קען" אין מיטן דערינען? פאַר איך דען אַוועק? אַזוי רעדט
מען גאָר, ווען איינער גרייט זיך אין וועג אַריין, פּאַפּאַ!

— גערעכט, סטעפעק, נישט געלונגען! אָן אַנדערש מאָל
וועל איך צוגרייטן זיך בעסער באַצייטנס. איצט אָבער לאָמיר
ענדיקן מיין רעדע מיט אַ ווונטש, אַז דער „לחיים" זאָל טאַקע
זיין אויף לאַנגע יאָרן און צו אַ געזונט לעבן דיר, סטעפעק!...

* * *

נאָכדעם ווי אַלע האָבן געטרונקען „לחיים" אין אויסגע־
ליידיקט זייערע גלעזער, האָט זיך די פאַמיליע געזעצט צום
טיש עסן וועטשערע.

אַלע האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט, אַלע אחוץ בנימין
גוטמאַן. ער האָט טאַקע געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער עסט,
אָבער יעדער ביסן איז ביי אים געבליבן שטעקן אין גאָרגל,
ווייל אין מוח ביי אים האָט געעקבערט: „וועט זיך איינגעבן
דער פּלאַן? וועלן די פאַרמישטע קאָקטיילס האָבן די געהערי־
קע ווירקונג?"

דער ערשטער איז שיכור געוואָרן פון דעם קאָקטייל דער
אַלטער דאָקטער. ווי נאָר ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער זיך
אַנטשולדיקט, זאָגנדיק, אַז ער האָט זייער שווער געאַרבעט
אין שפּיטאָל דעם גאַנצן טאָג.

נאָכן דאָקטער האָט פאַרלאָזט דעם טיש סטעפעק. אָן אַ
זיי געזונט האָט ער זיך געלאָזט לויפן צו די טרעפּ פון צווייטן
שטאָק, ווו עס זיינען געווען אַלע שלאָף־צימערן.

— ווו איילסטו זיך אַזוי, סטעפעק? דו ביסט דאָך נישט
מיד ווי דיין זיידע — האָט בנימין גוטמאַן געפּרוווט פאַר־
האַלטן זיין זון.

— איך בין שיכור פון דיין קאָקטייל, פּאַפּאַ) לאָז מיר
גיין שלאָפן!

— איך וועל דיר נישט לאָזן גיין, ביז וואַנען דו וועסט
נישט אַ קוש טאָן דיין מאַמען.

— וואָס איז עפּעס פּלוצלונג פאַר אַ קושן זיך, פּאַפּאַ?
איך בין שוין אַ גרויסער בחור! איך קוש שוין לאַנג נישט
דער מאַמען, איידער איך גיי שלאָפן...

— אַ גרויסער ?! — האָט געלאַכט מיט יאַשטשערקעס גוטמאַן — דאָך וועל איך דיר ניט לאָזן גיין שלאָפן, ביז וואַנען די וועסט נישט אַ קוש טאָן דיין מאַמען . . .

אין קאָפּ ביי אים האָט געעקבערט „אפשר איז דאָס צום לעצטן מאָל, וואָס ער זעט זיין מאַמען?״ . . .

— איך בין שוין אויך שיכור געוואָרן פון דיין קאָקטייל — האָט זיך אָפּגערופן די פרוי גוטמאַן. זי האָט גענומען מיט זיך דעם מאָדע־זשורנאַל און איז אַרויפגעגאַנגען צו זיך אין שלאָפצימער. אין עטלעכע מינוט אַרום איז יעדער איינער געשמאַק געשלאָפן. אפילו דער טויער־היטער איז שוין געשלאָפן געשמאַק לעבן זיין בודקע, זיצנדיק אויף אַ שטול.

נאָך דער אינספעקציע איז גוטמאַן אַרויפגעגאַנגען אויפן בוידעם און אַרונטערגענומען פון דאָרט דאָס שטעקעלע, וואָס זיין זיידע האָט געבראַכט פון ירושלים. ער האָט אַראָפּגענומען פון שטעקעלע דאָס פּאַפּיר, אין וואָס עס איז געלעגן איינגע־וויקלט, און אָפּגעשטויבט פון אים דעם שטויב פון אַ לאַנגער צייט. דערנאָך איז ער אַריינגעגאַנגען צו סטעפעקן אין צימער אַריין, זיך אַנידערגעזעצט ביי דעם יינגלס שרייבטיש און אָנ־געשריבן אַ צעטעלע. דאָס צעטעלע האָט ער אַריינגעלייגט אין מאַנטל־קעשענע און אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל אויפן שלאָפנדן יינגל. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרשפיליעט דעם מאַנטל און דעם גאַרטל פון מאַנטל, האָט ער אריינגערוקט אין גארטל דאָס שטעקעלע מיטן אויסגעשניצטן פסוק.

אין זיין געשמאַקן שיכורן שלאָף האָט סטעפעק אויסגעזען ווי אַ קליין יינגל. דער פאָטער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין זיין איידעלן קינדערשן פּנים, אים אויפגעהויבן אויף זיין אַקסל און איז אַרונטער מיט זיין „לעבעדיקן פּעקל״ פון צווייטן שטאָק אין גאַס אַריין.

## קאַפּיטל עלף

די גרויסע שול איז געווען געפּאַקט, ווען גוטמאַן האָט אַריינגעבראַכט זיין שלאָפנדיקן זון. עריק איז אים געלאָפן

אַנטקעגן, כדי אים צו העלפן אַנידערלייגן דאָס „שלאָפנדיקע פעקל" באַקוועם אויף אַ באַנק.

— איך זע, הער גוטמאַן, אַז איך האָט זיך איינגעגעבן אייער „קינדנעפינג" — האָט ער געשמייכלט צום פאָטער. נישט שטענדיק געלינגט אַרויסצוכאַפּן אַ קינד...

— עס האָט מיר געמוזט געלינגען, עריק! מיר האָבן דאָך געוואָלט אים אַרויסראַטעווען פון דער גרויסער געפאַר, וואָס הענגט שוין איבער אונדז אַלעמען...

גוטמאַן האָט אַוועקגעדרייט זיין פּנים, כדי עריק זאָל נישט זען די טרערן אין זיינע אויגן.

עריק האָט אַלץ באַמערקט, אָבער ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז פאַרטיפט אין זיין פנקסל, וווּ ער שרייבט אַריין די נעמען און די געשיכטעס פון די קינדער, וואָס מען פאַרטרויט אים אָן.

— אַלזאָ, הער גוטמאַן, איצט איז די צייט צו פאַרשרייבן אויך אייער זונס געשיכטע. מיר דאַרפן דאָס אַלץ וויסן, כדי מיר זאָלן קענען געפינען איינער דעם צווייטן נאָכן קריג...

— אויב אַזוי, עריק, טאָ פאַרשרייבט, אַז מיין זונס יידישער נאָמען איז יעקב, און אַז דעם נאָמען האָב איך אים געגעבן נאָך מיין זיידן עליו השלום, ר' יעקב גוטמאַן פון פראַנקפורט אם-מיין.

— ר' יעקב גוטמאַן איז געווען אייער זיידע, הער גוטמאַן?!

— האָט אויסגערופן עריק מיט גרויס איבעראַשונג און האָט נאָכאַמאָל אויסגעשטרעקט צום פאָטער זיין האַנט.

— הייסט עס, אַז סטעפעק איז אַן אוראייניקל פון יענעם גרויסן יידן, וועמענס נאָמען איז אַריין אין דער געשיכטע פון דייטשן יידנטום? איר מעגט זיין זיכער, אַז איך וועל אַכטונג געבן אויף סטעפעקן, גלייך ווי ער וואָלט געווען מיין אייגן קינד!

— אויב איר שרייבט, עריק, טאָ שרייבט שוין אויך, אַז מיין פאָטער עליו השלום, ר' יוסף גוטמאַן, איז אויך געווען אַ יידן אַ למדן און גרויסער נדבן און איז אין דער הינזיכט געגאַנגען אין די פוסטריט פון זיין פאָטער, ר' יעקב גוטמאַן...

און אויב עס אינטערעסירט אייך, האָב איך אַליין אויך אַריינ־
געקוקט אין די קליינע פּינטעלעך, אַפילו ווען איך בין שוין
געווען אַ סטודענט פון פּאַריזער אוניווערזיטעט . . . אָבער
דעם אמת מוז איך אייך זאָגן, אַז לײדער, מיין זון קען נישט
אַפילו דעם אלף בית . . . זיין מוטער און זיין זיידע האָבן
געוואָלט, אַז ער זאָל אויסוואַקסן ווי אַן אמתער פּאָליאַק . . .

עריק האָט דאָס אַלץ פאַרשריבן אין זיין פּנקסל. ווען ער
האָט געענדיקט שרייבן, האָט זיך אָנגעהייבן אַ גרויסע באַ־
וועגונג אין דער שול. מענער, פרויען און קינדער האָבן זיך
אָנגעהייבן שטופּן צו די טירן.

עריק האָט געוואָלט העלפן גוטמאַנען אַרויסטראָגן זיין
שלאָפנדן יינגל צו איינעם פון די וועגענער, אָבער גוטמאַן
האָט דאָס נישט דערלאָזט. דאַסמאָל האָט ער אַליין געוואָלט
פילן די „זיסע משא" מיט אַלע זיינע אברים . . .

ער האָט אַרויסגעטראָגן זיין זון און אים אַנידערגעלייגט
אויף אַ וואָגן. ער איז געבליבן שטיין אינמיטן גאַס, ביז וואַנען
דער וואָגן האָט זיך גערירט פון אָרט, ביז אַלע וועגענער און
פוסגייער זיינען פאַרבייגעגאַנגען.

און ווען די שול־גאַס איז געבליבן ליידיק, איז ער נאָך אַלץ
געשטאַנען און האָט געמורמלט צו זיך אַליין: „אבי מיין זון
איז געראַטעוועט. ווענן מיר זאָל קיינער זיך נישט זאָרגן"...

## קאַפּיטל צוועלף

עס איז געווען אַ לויטערער און זוניקער האַרבסט־טאָג, אָנ־
פאַנג סעפּטעמבער, ווען סטעפעק האָט זיך אויפגעכאַפּט פון
זיין שווערן שלאָף.

ווען ער האָט געעפנט זיינע אויגן האָט ער זיך דערזען
ליגן אויף אַ וואָגן, צווישן קליינע קינדער. עס האָט זיך אים
אויסגעוויזן, אַז דאָס וואָס ער זעט איז אַ חלום . . . סטעפעק
האָט געקוקט אין די בלויע הימלען און געוואַרט, אַז דער
חלום זאָל פאַרשווינדן . . . אָבער דער חלום איז נישט פאַר־
גאַנגען. דער וואָגן, ווו ער איז געלעגן, האָט זיך באַוועגט אויף

אַן אמת. די פערד זיינען געווען לעבעדיקע. סטעפעק האָט זיך
אָנגעטאַפּט . . . ניין ! ער שלאָפט נישט! הייסט עס, אַז נישט
אין חלום זעט ער דאָס אַלץ, נאָר אויף דער וואָר. און אויב
אויף דער וואָר — ווי קומט ער צווישן די אַלע שלעפערס, וואָס
גייען צופוס, אָדער זיצן און ליגן אין די וועגענער? ניין, עס
איז נישט גלאַטיק ! נישט איינפאַך ! נישט אַנדערש, נאָר אַז
מען האָט אים „געקידנעפּט״. אויב אַזוי, דאַרף ער זיך אַרויס־
ראַטעווען פון זיינע „קינדנעפּערס״! עס איז נאָך אַ גליק, וואָס
זיי האָבן אים נישט געבונדן, נאָר אַזוי אים אַנידערגעלייגט אין
וואָגן . . .

מיט כוח האָט זיך סטעפעק אַ ריס געטאָן פון זיין אָרט,
זיך אויפגעהויבן און געוואָלט אַרונטערשפּרינגען פון וואָגן.

צוויי פריינטלעכע הענט האָבן זיך מיטאַמאָל אויסגע־
שטרעקט צו אים, כדי אים צו העלפן אַרונטערקריכן פון
וואָגן.

אָבער ווען ער איז שוין געשטאַנען אויף דער ערד, האָבן
אים די צוויי הענט פאַרהאַלטן און אַ פריינדלעכע שטימע האָט
אים אַ פרעג געטאָן: „וווהין, סטעפעק?״

— אַהיים ! — האָט געענטפערט סטעפעק רייסנדיק זיך
פון עריקס הענט — אַהיים, צו מיין טאַטן! צו מיין מאַמען!
ווער הט אָעס געוואַגט מיר צו קידנעפּן?!

— באַרואיק זיך, סטעפעק ! לייג אַריין דיין האַנט אין
קעשענע, וועסטו דאָרט געפינען אַ צעטעלע און דו וועסט
שוין אַלץ פאַרשטיין . . .

סטעפעק האָט געטאָן ווי עריק האָט אים געהייסן. ער האָט
געפונען דאָס צעטעלע, וואָס איז געווען געשריבן מיט זיין פאָ־
טערס האַנטשריפט. אויפן צעטעלע האָט ער איבערגעלייענט:

„סטעפעק, זון אונדזערער, מיר זעגענען זיך מיט דיר דער־
ווייל. דאָס פייער פון קריג האָט שוין אַרומגעכאַפּט גאַנץ וואַר־
שע. אויב גאָט וועט אונדז העלפן און מיר וועלן זיך זען, וועל
איך דיר דערציילן פאַרוואָס מיר האָבן אויסגעקליבן פאַר דיר
דעם דאָזיקן וועג. מיר גייען מיט אַן אַנדער וועג, אָבער מיר
זיינען זיכער, אַז דער וועג, אויף וועלכן מיר האָבן דיך געשיקט,
איז דער בעסטער. אין גאַרטל פון דיין מאַנטל וועסטו געפינען

אַ שטעקעלע מיט אויסגעשניצטע אותיות. דו האָסט די דאָזיקע אותיות קיינמאָל נישט געלערנט. עס וועט נאָך פאַרבייגיין אַ לאַנגע צייט, ביז דו וועסט זיך אויסלערנען צו פאַרשטיין, וואָס עס איז אויסגעקריצט אויפן שטעקעלע. אָבער איין זאַך געדענק: היט דאָס שטעקעלע, ביז עס וועט זיך ענדיקן דער קריג, און ווען די ערד וועט זיך באַרואיקן, טו אַלץ וואָס איז אויסגעקריצט דאָרט . . .

עטלעכע מאָל האָט סטעפעק איבערגעלייענט דאָס צעטעלע, וואָס זיין פאָטער האָט אָנגעשריבן מיט זיין אייגענער האַנטשריפט, אין פויליש. אָבער ער האָט קיין איין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. דאָס צעטעלע איז געווען אַ גרויסע רעטעניש פאַר אים. אָבער ווען עריק האָט אים געפרעגט „האָסט פאַרשטאַנען, סטעפעק?”, האָט דאָס שטאָלצע יינגל געענטפערט:

— פאַרשטאַנען !

ערשט דאַן האָט ער אַרויסגענומען דאָס שטעקעלע, וואָס איז געווען אַריינגערוקט אין גאַרטל פון זיי מאַנטל, און עס גוט באַקוקט. די רעטעניש איז געוואָרן פאַר אים נאָך גרעסער. עס האָט זיך אים זייער געוואָלט וויסן, וואָס איז אויסגעקריצט אויפן שטעקעלע, און ווער איז דער בחור, וואָס האַלט אים צו ביי דער האַנט. עס האָט זיך אים געוואָלט וויסן, פאַרוואָס זיינען זיינע טאַטע-מאַמע אַוועקגעגאַנגען מיט אַן אַנדער וועג און אים געשיקט אויף דעם וועג מיט דעם בחור. און ווער זיינען די שלעפערס, וואָס גייען פאַרויס און הינטער אים? וווהין פירט מען זיי און אים? און פאַרוואָס האָט זיין פאָטער אַריינגעשטופּט דאָס שטעקעלע צו אים אין גאַרטל ?

אָבער מער פון אַלץ האָט זיך אים געוואָלט וויסן, וואָס עס באַדייטן די אויסגעשניצטע אותיות אויפן שטעקעלע . . . זאָל ער אַ פרעג טאָן דעם בחר, וואָס פירט אים ביי דער האַנט? ניין, סטעפעק איז אַ שטאָלצער יינגל און עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען צו פרעגן . . .

* * *

עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די וועגענער און די פוסגייער, וואָס זיינען געגאַנגען ביי די זייטן, האָבן זיך אַנידערגעזעצט אָפּרוען אַביסל פון שווערן וועג.

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

עריק האָט אַרויסגענומען אַ צוקערקע פון זיין קעשענע און עס דערלאַנגט סטעפעקן. ער האָט אָפּגעשטופּט דעם בחורים האַנט. דאַן איז עריק צוגעגאַנגען צו איינעם פון די וועגענער און געבראַכט פון דאָרט ברויט מיט ווורשט און דערלאַנגט סטעפעקן.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט, אַז דו ביסט הונגעריק? — האָט ער גערעדט מיט אַ חברישן שמייכל צום יינגל.

סטעפעק האָט גענומען וואָס עריק האָט אים דערלאַנגט. בעת ער האָט געקייט דאָס ברויט, האָבןביידע געשמייכלט ווי גוטע חברים. שמייכלנדיק צו עריקן האָט סטעפעק זיך געהאַלטן אין איין שלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל איבערלייענען פאַר אים דאָס צעטעלע, וואָס זיין פאָטער האָט אָנגעשריבן אין פויליש און אַריינגעלייגט צו אים אין מאַנטלקעשענע.

נאָך אַמאָל האָט סטעפעק אַריינגעקוקט אין צעטעלע און ווען ער האָט עס נאָך אַמאָל איבערגעלייענט, האָט ער אַ פרעג געטאָן עריקן:

— איז טאַקע פאַראַן אַ מלחמה, ווי מיין פאָטער שרייבט מיר אין צעטעלע?...

זיינע רייד זיינען איבערגעשלאָגן געוואָרן פון אַן עראָפּלאַןגערויש, וואָס האָט אָנגעפילט די לופט.

אַלע פוסגייערס זיינען געלאָפן זיך באַהאַלטן צווישן די ביימער פון וואַלד. נאָך זיי זיינען נאָכגעלאָפן די וואָס האָבן באַוויזן אויף שנעל אַרונטערצוקריכן פון די וועגענער. האַלטנדיק עריקן ביים האַנט איז סטעפעק אויך געלאָפן אין וואַלד אַריין, זיך באַהאַלטן צווישן די ביימער.

„ווייזט אויס, אַז דער גערויש אויבן מיינט מלחמה" — האָט דאָס יינגל אַ קלער געטאָן.

ווען דער גערויש איז אַריבער האָט עריק געזאָגט צום יינגל:

— דו האָסט מיר געפרעגט, צי עס איז פאַראַן אַ מלחמה. איך האָב דיר נישט באַוויזן צו ענטפערן...

— עס איז שוין נישט נייטיק — האָט געזאָגט סטעפּעק און ער האָט אָנגעוויזן אויף די פליענדיקע עראָפּלאַנען.

— דאָס איז דערווייל בלויז אַ הקדמה צו דער מלחמה, סטעפּעק. אָבער האָב ניט קיין מורא! איך וועל דיך שטענדיק היטן:

— איך ווייס אפילו נישט דיין נאָמען — האָט דאָס יינגל געשמייכלט צו אים.

— האָב איך דען דיר שוין נישט געזאָגט, אַז מיין נאָמען איז עריק?

פון די דאָזיקע פריינטלעכע ווערטער איז סטעפּעק געוואָרן אַזוי היימיש מיט עריקן, אַז ער האָט נאָכאַמאָל אַרויסגענו־מען זיין שטעקעלע פון דעם מאַנטל־גארטל און, ווייזנדיק אים די אויסגעשניצטע אותיות, אַ פרעג געטאָן:

— קאָנסטו לייענען די דאָזיקע אותיות, עריק?

— אַ פראַגע? בין איך דען נישט קיין ייד?

צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט זיך סטעפּעק פאַר־שעמט, פאַרוואָס ער קען ניט לייענען די אותיות, וואָס אַ ייד דאַרף קענען לייענען. ער האָט צוריק אַריינגערוקט דאָס שטע־קעלע אין דעמזעלבן פלאַץ, ווו עס איז געלעגן ביז דאַן, און ער האָט מער נישט געפרעגט עריקן, וואָס עס מיינען די אויסגע־שניצטע אותיות.

„סיי ווי סיי — האָט ער זיך געטרייסט — שרייבט מיין פאָטער אין צעטעלע, אַז איך זאָל טאָן דאָס, וואָס עס מיינט די אויסשניצונג פון שטעקעלע, ערשט דאַן ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן... אָבער די מלחמה הייבט זיך דאָך ערשט אָן! די עראָפּלאַנען רוישן נאָך פון אויבן"...

* * *

עס זיינען אַריבער עטלעכע טעג און סטעפּעק האָט נישט געקענט בייקומען זיין שטאָלץ און פרעגן עריקן, וואָס עס הייסט טאָן דער אויסגעשניצטער פסוק אויפן שטעקעלע. יע־דעם מאָל, ווען דער נייגיר איז געשטיגן ביי אים, האָט ער זיך באַרואיקט, זאָגנדיק צו זיך אַליין.

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

„עס איז נאָך דאָך פאַראַן די מלחמה. טאָ וואָס איז די אײלעניש?״ . . .

אָבער אין איין שיינעם טאָג האָט זיך נישט געהערט קיין עראָפּלאַנען־גערויש פון סאַמע פרימאָרגן ביז נאָך מיטאָג.

האָט סטעפּעק געטראַכט: „עס קען זיין, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט פּלוצלונג, אַזוי ווי זי האָט זיך אָנגעהייבן״ . . . און ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז טאַקע היינט, טאַקע באַלד, וועט ער פרעגן עריקן וואָס עס באַדייט דער־איסגעשניצטער פּסוק.

אָבער ווי נאָר ער האָט געוואָלט עפענען זיין מויל, און אַ פרעג טאָן, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט פון אויבן אַ שטאַרקער גערויש און גלייך פון הימל זיינען אַרויסגעשפּרונגען דריי גרויסע אייזערנע פויגלען מיט צעשפּרייטע פליגלען.

נאָך איידער די פוסגייער־פּליטים האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין און די וועגענער זיך אָפּצושטעלן, כדי געבן די פאָרער אַ מעגלעכקייט אַרונטערצוקריכן פון זיי, האָט אָנגעהויבן צו רעגענען מיט באָמבעס און קוילן.

סטעפּעק האָט געזען ווי עריק האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, האָט ער געמיינט, אַז אַזוי דאַרף מען טאָן, כדי די קוילן זאָלן נישט טרעפן אין קערפּער. האָט ער זיך אויך אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד, צו זיין עלטערן חבר.

— גיי וויטער, שטיי נישט אָפּ . . . פון זיי . . . — האָט געפּליסטערט מיט די לעצטע כוחות עריק.

— איך וועל נישט גיין אָן דיר ! — האָט געשריען סטעפּעק — קום מיט מיר ! שטיי אויף !

זעענדיק, אַז זיין חבר שטייט נישט אויף, איז ער אַנידערגעפאַלן און געוויינט אים אין פּנים אַריין, בעטנדיק: קום מיט מיר, קום! איך וועל . . .

— זעסטו דען נישט . . . — האָט עריק געפּליסטערט פון שוואַכקייט און צוגעמאַכט די אויגן — גיי, מיט דיין שטעקעלע, גיי !

זעענדיק, אַז ער וויל זיך נישט רירן פון אָרט, האָבן סטעפּעקס חברים אים מיט געוואַלד אויפגעהויבן און צוריק אויפגעזעצט אויף איינעם פון די וועגענער.

דאָס ייִנגל האָט אַריינגעטאָן זיין קאָפּ אין אַ בארג מיט שמאַטעס, וואָס האָט אָנגעפילט דעם וואָגן, און האָט לאַנג גע־וויינט, אויסרופנדיק כסדר:

— עריק! ... עריק! ...

## קאַפּיטל דרייצן

עס זיינען אַריבער טעג און נעכט. אַמאָל איז סטעפעק גע־פאָרן, אַמאָל איז ער געגאַנגען צופוס, ווייל מען האָט באַ־דאַרפט געבן זיין פּלאַץ צו די, וואָס זיינען שוין געווען מיד פון וועג. וויפל טעג און וויפל נעכט עס זיינען אַזוי אַריבער, האָט ער נישט געוווּסט. ער איז שוין געווען זייער שוואַך, הונגעריק און דורשטיק. עריקס חברים האָבן טאַקע געטיילט די פּאַר־ציעס עסן און וואַסער מיט יושר, אָבער די פּאָרציעס זיינען געווען זייער קליינע, ווייל דאָס עסן, וואָס זייערע חברים האָבן געלאָזט ברענגען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, איז פאַר־פאַלן געוואָרן אויפן וועג צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן עס געפירט ...

איין מאָל, ווען די עראָפּלאַנען האָבן געררוישט פון אויבן און אַלע זיינען געלאָפן זיך באַהאַלטן אין וואַלד, איז סטעפעק געווען אַזוי שוואַך פון הונגער, אַז ער האָט זיך נישט געקענט צוריקקערן פון וואַלד מיט זיינע מיטפאָרער ...

איז ער געלעגן אויפן גראָז און שטיל גערופן זיין חבר:

— עריק ... עריק ...

ווי לאַנג ער האָט אַזוי גערופן „עריק" ליגנדיק אויף דער ערד, האָט ער ניט געדענקט. פּלוצלונג האָט ער דערפילט, אַז עמעצער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ. מיט גרויס אָנ־שטרענגונג האָט ער געעפנט די אויגן און דערזען, אַז דער וואָס שלאָגט אים האַלט זיין שטעקעלע אין די הענט.

— דאָס איז דאָך מיין שטעקעלע, גיט עס מיר אָפּ — האָט ער געשריען, אָבער זיין קול האָט ער נישט געהערט. און נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו שרייען אויף אַן העכערן קול, האָט

# אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

דער יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַלטן זיין שטעקעלע, איז אַרויפגעלייגט אויף זיין אַקסל און אים ערגעץ פאַרטראָגן.

ווען סטעפעק האָט ענדלעך געעפנט די אויגן, האָט ער זיך דערזען ליגן אויף אַ גרויסן טיש. אַרום אים זיינען געשטאַנען עטלעכע מענער און האָבן אים באַטראַכט.

פלוצלונג האָט ער דערזען, אַז ער איז נאַקעט. אַ שטאַרקער ריח פון רפואות איז אַריין אין זיינע נאָזלעכער. דער ריח האָט אים דערמאָנט אָן זיין זיידן, דעם דאָקטער, ווער ער פלעגט זיך אומקערן אַהיים פון שפיטאָל, נאָך אַן אָפּעראַציע...

„זיידע" ? — האָט ער אַ קלער געטאָן — „און ווו איז מיין פאָטער? און ווו איז מיין מאַמע? און ווו איז מיין צעטעלע, וואָס דער טאַטע האָט מיר אַריינגעלייגט אין מאַנטל-קעשענע. און ווו איז מיין שטעקעלע, וואָס איז געלעגן אין גאַרטל פון מיין מאַנטל?"

— מיין שטעקעלע ! — האָט זיך סטעפעק פלוצלונג צעשריען אויף אַ קול — גיט מיר אָפּ מיין שטעקעלע !

מען האָט באַלד צוריקגעגעבן סטעפעקן זיין שטעקעלע און מען האָט אים אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער נאַכט-העמד און מיט געוואַלד האָט מען אים אַריינגעגאָסן אין מויל אַריין אַ לעפעלע רפואות . . .

* * *

ווי לאַנג סטעפעק איז געווען אין יענעם שפיטאָל, האָט ער נישט געדענקט. ווען ער האָט זיך אויסגעלערנט עסן און טרינקען ווי אַ מענטש, האָט מען אים אריבערגעפירט אין אַ קינדערהיים.

אין דער קינדערהיים איז סטעפעק שטענדיק געזעסן באַזונדער אין אַ ווינקעלע און זיך מיט קיינעם נישט געשפילט. ער האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן זיין שטעקעלע אויף קיין איין מינוט, עס זאָל חלילה נישט פאַרפאַלן ווערן . . .

די לערער האָבן אָנגעזאָגט די קינדער, אַז זיי זאָלן נישט אָנרירן סטעפעקס שטעקעלע. אָבער סיי ווי האָט סטעפעק נישט געקענט פועלן ביי זיך איבערצולאָזן זיין שטעקעלע און גיין שפּילן זיך מיט די קינדער . . .

## זינא ראבינאָוויטש

איין מאָל האָט אַ יונגער בחור, איינער פון די וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף די קינדער, באַמערקט, אַז סטעפעק זיצט אַליין אין אַ ווינקעלע, בעת די אַנדערע קינדער שפּילן זיך. האָט ער צו אים געזאָגט:

— פאַרוואָס גייסטו זיך נישט שפּילן מיט די קינדער? וואָס האָסטו מורא איבערצולאָזן אַ ווײַלע דיין שטעקעלע? ווער וועט עס נעמען? ווער דאַרף דען האָבן דיין שטעקעלע? . . .

דער בחור האָט אויסגעזען אַזוי ווי עריק. און נאָר דערפאַר האָט סטעפעק זיך נישט אויסגעדרייט אין אַ זייט, ווי ער פלעגט דאָס טאָן מיט אַנדערע קינדער פון דער קינדער-היים. ער האָט אפילו דעם בחור געלאָזט נעמען אין זיינע הענט דאָס שטעקעלע און עס גוט באַטראַכטן...

— אַ שיין שטעקעלע — האָט דער בחור געזאָגט צו סטעפעקן, בעת דער לעצטער האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף אים און זען אין אים עריקן — זייער שיין אויסגעשניצט. אָבער ווייסטו, סטעפעק, וואָס די דאָזיקע אויסגעשניצטע אותיות באַדייטן ?

— ניין — האָט געענטפערט פאַרשעמט דאָס יינגל.

— דאָס אויסגעשניצטע באַדייט, אַז „ווען איר וועט קומען אין לאַנד אַריין, זאָלט איר פלאַנצן"...

— איך פאַרשטיי נישט . . .

— דו וועסט נישט פאַרשטיין, סטעפעק, ביז וואַנען דו וועסט קומען אין לאַנד אַריין . . .

— אין וועלכן לאַנד ?

— אין ארץ ישראל, סטעפעק !

— ביסטו זיכער, אַז מיין פאָטער האָט געמיינט ארץ ישראל ?

און סטעפעק האָט אַ קלער געטאָן: „אפשר זיינען מיינע טאַטע-מאַמע טאַקע אַרויסגעפאָרן קיין ארץ ישראל מיט אַן אַנדער וועג? דערפאַר האָט מיר געשריבן מיין טאַטע, אַז איך זאָל טאָן, וואָס עס איז אויסגעשניצט אויפן שטעקעלע, ווען איך וועל קומען אַהינצו . . .

## קאַפּיטל פערצן

נאָך לאַנגע נסיעות מיט אָמניבוסן, מיט דער באַן און מיט אַ שיף, איז סטעפעק אָנגעקומען קיין ארץ ישראל.

מען האָט אים, מיט נאָך אַ גרופּע קינדער, געראַטעוועטע פון דער מלחמה, אַוועקגעפירט אין אַ גרויסן קינדער-דאָרף.

דער דירעקטאָר פון קינדער-דאָרף איז געגאַנגען ווייזן די קינדער און סטעפעקן די גערטנער, וואָס די קינדער אַליין האָבן פאַרפלאַנצט, דעם הינער-שטאַל, די קעלבלעך, דעם אייזל און די וואַסער-שפּריצערס, מיט וועלכע די קינדער באַוואַסערן אַליין דעם פּרדס און די גערטנער.

דאָס קינדער-דאָרף איז זייער געפעלן געוואָרן סטעפעקן, און ער איז דאָרט געבליבן וווינען. אָבער דאָס שטעקעלע האָט ער געהיט ביי זיך ווי פריער: מיטן שטעקעלע האָט ער געגעסן, מיטן שטעקעלע געלערנט אין קלאַס-צימער, מיטן שטעקעלע געאַרבעט, זיך געוואַשן...

דער דירעקטאָר פון קינדער-דאָרף און די לערער האָבן אָנגעזאָגט די קינדער, אַז זיי זאָלן נישט אָנרירן דאָס שטעקעלע... און נישט טשעפּען סטעפעקן...

— עס וועט קומען אַ טאָג, ווען ער אַליין וועט איבערלאָזן דאָס שטעקעלע — האָבן זיי פאַרזיכערט...

עס זיינען אַריבער מאָנאַטן. סטעפעק איז געוואָרן איינער פון די בעסטע שילער אין קינדער-דאָרף. ער האָט גוט געאַרבעט און גוט געלערנט. ער פלעגט רייטן אויף אַן אייזל, אַכטונג געבן אויף די פערד, זיי זאָלן גוט עסן, געקאָרמעט די הינער, ווען מען האָט באַדאַרפט.

איין מאָל, בעת אַן אויספלוג, האָט דער לערער געזאָגט צו אַ גרופּע ייִנגלעך, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען סטעפעק:

— חברה, לאָמיר זען, ווער עס וועט דער ערשטער אַרויפקריכן אויף דעם בערגל, אָבער נישט אָנהאַלטנדיק זיך מיט די הענט...

צוערשט איז סטעפעק געווען דער ערשטער, אָבער זיין שטעלעקע האָט אים געשטערט... די ייִנגלעך האָט זיך אויס-

געוויזן, אַז ער האַלט זיך אָן אין דעם שטעקעלע. ער האָט פאַרשפּילט; און דאָס האָט אים זייער שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט פאַרלוירן צוליב זיין שטעקעלע און ער האָט געקלערט: „אין צעטעלע, וואָס מיין טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן אין וועג אַריין, שטייט געשריבן, אַז איך זאָל האַלטן ביי זיך דאָס שטעקעלע ביזן סוף פון קריג... אפשר האָט זיך שוין געענדיקט די מלחמה?

— חברה! — האָט סטעפּעק אויסגערופן צו זיינע חברים, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין דאָרף אַריין — זאָגט מיר נאָר חברה, איז נאָך פאַראַן אַ מלחמה? איך מיין צו זאָגן, צי עס האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט דער קריג?

— ווייסט דען אַליין נישט? — האָבן זיינע חברים געלאַכט.

„אויב עס איז נאָך פאַראַן אַ מלחמה — האָט ער געקלערט — וועל איך צוווארטן! איך וועל מיין שטעקעלע נישט אי־בערלאָזן אין מיטן קריג... איך וועל טאָן, ווי עס איז געשריבן אין מיין טאַטנס צעטעלע״!...

## קאַפּיטל פופצן

איין מאָל, ווען סטעפּעק איז געזעסן מיט זיינע חברים אין „קולטור־הויז״ פון קינדער־דאָרף, האָט זיך אַרויסגעריסן פון ראַדיאָ אַ שטאַרקער קול:

— הורראַ! הידד! עס האָט זיך געענדיקט דער קריג! עס איז שוין שלום! פריידן!

עס האָבן זיך געפרייט אַלע קינדער פון קינדער־דאָרף. סטע־פּעק איז געשטאַנען לאַנג ביים ראַדיאָ און האָט געקלערט:

„איצט, אַז עס איז שוין סוף קריג, קען זיין, אַז אפשר וועלן נאָך קומען מיינע טאַטע־מאַמע מיט אַן אַנדער וועג, וואָס זיי זיינען געגאַנגען... וועל איך זיי דאַן ווייזן, אַז איך האָב אָפּ־געהיט דאָס שטעקעלע, פּונקט ווי עס איז געשריבן געוואָרן אין טאַטנס צעטעלע! אָבער ביז זיי וועלן קומען, וועל איך עס באַהאַלטן אין מיין שראַנק, עס זאָל מיר נישט שטערן אין מיין אַרבעט און אין מיין שפּילן מיט די יינגלעך!״...

# אַ מעשׂה מיט אַ שטעקעלע...

ווען סטעפּעק האָט געוואָלט אַריינשטעלן דאָס שטעקעלע אין שראַנק, האָט ער דאָרט געזען אַלטע שיך, אַלטע קליידער, וואָס ער און זיינע חברים טראָגן צו דער אַרבעט...

„ניין, אַזאַ פּלאַץ איז נישט גענוג שיין פאַר מיין שטעקעלע — האָט ער באַשלאָסן — צוערשט מוז איך אויסזוכן פאַר מיין שטעקעלע אַ פּאַסיקן פּלאַץ! אָבער ווי איז אַ פּאַסיקער פּלאַץ! וווּ!?"

נישט קענענדיק אַליין געפינען אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר זיין שטעקעלע, האָט סטעפּעק באַשלאָסן גיין צום דירעקטאָר בעטן ביי אים אַן עצה ווו צו באַהאַלטן דאָס שטעקעלע, וואָס איז אים אַזוי טייער.

יעדעס מאָל, וואָס ער האָט געטראַכט וועגן דעם, האָט ער עס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן. אַזוי זיינען אַוועק אַ סך מאָרגנס, און סטעפּעק איז נאָך אַלץ נישט געגאַנגען צום דירעקטאָר.

אָבער איין מאָל האָט דער דירעקטאָר פון קינדער-דאָרף אַליין געשיקט רופן סטעפּעקן צו זיך אין דירעקציע-צימער.

— געדענקסטו עריקן, סטעפּעק? — האָט געפרעגט דער דירעקטאָר, ווען ער האָט אַנידערגעזעצט דאָס יינגל קעגן זיך.

סטעפּעק האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, כדי דער דירעקטאָר זאָל נישט באַמערקן זיינע טרערן:

— איצט, אַז עס האָט זיך שוין געענדיקט דער קריג, זיינען אונדז אָנגעקומען אַ סך פּאַפּירן פון וואַרשע... און צווישן זיי האָבן מיר געפונען עריקס פּנקסל, ווו ער האָט פאַרשריבן אַ סך זאַכן. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דיין גרויסן יחוס, סטעפּעק!...

— איך האָב דאָך אייך שוין פון לאַנג געזאָגט, אַז מיין זיידע איז געווען איינער פון די גרעסטע דאָקטוירים אין וואַרשע...

— אַ דאָקטער איז נישט קיין גרויסער יחוס! יעדער איינער, וואָס שטודירט מעדיצין, קען ווערן אַ דאָקטער! אָבער דיין יחוס איז גאָר פון דיין טאַטנס צד, ווייל דיין טאַטע איז אַן אייניקל פון ר' יעקב גוטמאַן, אַ סוחר, וואָס איז געווען ניט נאָר אַ למדן מופלג, נאָר אויך אַ באַוווּסטער בעל צדקה און שטיצער פון אַלערליי יידישע אינסטיטוציעס. ער איז אַריין אין דער געשיכטע פון די יידן אין פראַנקפורט אם מיין... נא

דיר דעם בוך און דו וועסט אַליין לייענען, ווער עס איז געווען דיין עלטער-זיידע... אויך דיין זיידע איז געווען באַוווּסט מיט זיין ליבע צו יידן און יידישקייט און צו ארץ ישראל... דיין עלטער-זיידע, ר׳ יעקב גוטמאַן, האָט באַזוכט ארץ ישראל, נאָך אין יאָר 1868, ווען אַ נסיעה אהער איז געווען נישט פון די לייכטע זאַכן. ער האָט געגעבן נישט ווייניק צדקה פאַר די מוסדות פון ירושלים. און דיין שטעקעלע, וואָס דו טראָגסט שטענדיק מיט זיך, ציט אויך זיין יחוס פון דיין עלטער-זיידן. ער האָט עס געבראַכט פון ירושלים. פון אים איז עס אַריבער בירושה צו דיין זיידן, פון דיין זיידן צו דיין טאַטן און פון דיין טאַטן צו דיר...

— פיר דורות! — האָט כמעט אויסגעשריען סטעפּעק.

— יאָ, פיר דורות... איצט פאַרשטיי איך, פאַרוואָס דאָס שטעקעלע איז דיר אַזוי טייער און פאַרוואָס דו ווילסט זיך נישט שיידן מיט אים.

— אָבער איך וועל מוזן זיך צעשיידן מיטן שטעקעלע — האָט סטעפּעק איבערגעשלאָגן דעם דירעקטאָרס רייד.

— פאַרוואָס סטעפּעק?

— ווייל אין מיין טאַטנס צעטעלע שטייט געשריבן, אַז איך זאָל עס אָפּהיטן נאָר ביזן סוף פון קריג... און עס האָט זיך דאָך שוין פאַרענדיקט די מלחמה...

— וואָס זשע קלערסטו צו טאָן מיט דיין שטעקעלע, סטע-פּעק?

— איך וואָלט עס וועלן באַהאַלטן אין אַ שיינעם פּלאַץ...

— האָסטו שוין געפונען אַזאַ פּלאַץ, סטעפּעק?

— ביי אונדז אין קינדער-דאָרף איז די ערד דער שענסטער פּלאַץ... אַ חוץ דעם, אויפן שטעקעלע שטייט דאָך אויסגעשניצט „כי תבואו אל הארץ ונטעתם", ווען איר וועט קומען אין לאַנד, זאָלט איר פלאַנצן... מיין פאָטער שרייבט מיר אין צעטעלע, אַז איך זאָל טאָן, ווי עס איז אויסגעקריצט אויפן שטעקעלע... וואָלט איך עס טאַקע געוואָלט פאַרפלאַנצן, אויב...

— קיין „אויבס", סטעפּעק! אויב דו ווילסט עס אַריינשטופּן אין דער ערד, איז די גאַנצע ערד פון קינדער-דאָרף דיינע...

## אַ מעשה מיט אַ שטעקעלע...

זאָג מיר נאָר, ווען דו ווילסט עם אַריינשטופּן אין דער ערד און אין וועלכן פּלאַץ...

— איך דענק, לערער, אַז די פּאַסיקסטע צייט פאַר דעם וואָלט געווען חמשה עשר בשבט, אין דעם טאָג, ווען מען פלאַנצט ביי אונדז לכבוד דעם נייעם יאָר פון די ביימער. וואָס מיינסט איר?

— איך מיין, אַז דו האָסט אַ גוטן געדאַנק אין דיין קאָפּ, סטעפעק. מיר וועלן עס טאַקע איבערלאָזן אויף ט"ו בשבט...

סטעפעק איז געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרן דירעקטאָר און גאָרנישט געענטפערט.

— וואָס איז מיט דיר, סטעפעק?

— וועגן דעם נאָמען, לערער... מיין נאָמען!... ער פּאַסט זיך נישט צום קינדער־דאָרף. איך וויל אים איצט פאַרביטן אויף אַן אַנדערן...

— אויף אויף דיין דאָזיקער פראַגע האָב איך געפונען אַן ענטפער אין פּנקסל. דאָרט שטייט געשריבן, אַז דיין יידישן נאָמען האָט דיר דיין טאַטע געגעבן נאָך דיין באַוווּסטן עלטער־זיידע, נאָך ר' יעקב גוטמאַן...

— איז דאָך מיין נאָמען נישט סטעפעק, נאָר יעקב — האָט דאָס יינגל אויסגעשריען מיט גרויס פרייד און איז אַרויסגע־לאָפן פון דעם דירעקטאָרס צימער.

סטעפעק איז געלאָפן גלייך צו זיינע חברים, וואָס האָבן גע־וואַרט אויף אים אין שאָטן פון אַ בוים אין הויף פון קינדער־דאָרף.

— חברה!! — האָט ער אויסגעשריען — סטעפעק איז שוין מער נישטאָ! פון היינט אָן — נאָר יעקב! איר הערט? מיין נאָ־מען איז יעקב גוטמאַן, פאַרשטאַנען?...

## קאַפּיטל זעכצן

אַ סך געסט זיינען אָנגעקומען אין יענעם חמשה עשר בשבט אין קינדער־דאָרף בייצוווינען דאָס יום טובדיקע פלאַנצן פון נייע ביימער לכבוד דעם ראש השנה לאילנות.

מיט גרויס פֿאַראַד איז מען געגאַנגען צום קליינעם פֿעלד אויסערן דאָרף.

דער דאָרף־אָרקעסטער האָט געשפּילט אַלערליי ניגונים. די גייער האָבן מיטגעזונגען האַלטנדיק אין איין האַנט אַ פּלאַנצע־לע און אין דער צווייטער — אַ קליין פֿענדעלע. נאָר סטעפֿעק, יעקב גוטמאַן, האָט געהאַלטן אין דער צווייטער האַנט אַ שטע־קעלע, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעשניצט מיט יידישע אותיות אַ גאַנצער פּסוק פֿון דער תּורה. ווען די גייער האָבן דערהערט דאָס פּויקן פֿון די פּויקערס, האָבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט יעדער איינער ביי אַ פֿון פֿאָרויס אָנגעצייכנטן פּלאַץ, ווו עס זיינען געווען באַצייטנס אויסגעגראָבענע גריבלעך צום פּלאַנצן.

נאָכאַמאָל האָבן די פּויקערס אַ פּויק געטאָן.

פֿאַר אַלע געסט און מאַרשירער איז אַרויסגעטראָטן פֿון דער ערשטער ריי אַ קליין יינגל, אויפֿהייבנדיק אין דער הויך זיין שטעקעלע, אַז אַלע זאָלן עס זען, אַטן ער האָט אויסגערופֿן מיט אַ ציטערנדיקער שטימע:

— איך, יעקב גוטמאַן, דער זון פֿון בנימין גוטמאַן, דאָס אייניקל פֿון יוסף גוטמאַן און דאָס אור־אייניקל פֿון ר׳ יעקב גוטמאַן פֿון פֿראַנקפֿורט אם מיין, בין איצט מקיים דעם אָנזאָג פֿון מיין פֿאָטער צו טאָן דאָס, וואָס איז אויסגעקריצט אויף דעם שטעקעלע, און איך פֿאַרפּלאַנץ עס צוזאַמען מיט אַ נייעם ביי־מעלע לכבוד דעם ראש השנה פֿון די ביימער.

נאָכאַמאָל האָבן די פּויקערס זיך צעפּויקט. סטעפֿעק האָט זיך אָנגעבויגן צו דער ערד און האָט אַריינגעטאָן אין איין גרי־בעלע אַ קליין צווייגעלע און אין צווייטן זיין שטעקעלע. אָבער נישט אין גאַנצן. ווען ער האָט פֿאַרדעקט די גריבעלעך מיט דער אויסגעגראָבענער ערד, האָט מען געקענט זען לעבן קעפּל פֿון צווייגעלע דאָס קעפּל פֿון שטעקעלע מיט די לעצטע זעקס אותיות פֿון דעם אויסגעשניצטן פּסוק אויף אים „ונטעתם״ — און איר זאָלט פּלאַנצן...

נאָך סטעפֿעקן האָבן געפּלאַנצט נייע פּלאַנצונגען לכבוד יום טוב אַלע קינדער פֿון קינדער־דאָרף.

מיט גרויס פֿאַראַד איז מען געגאַנגען פֿון דעם ניי־פֿאַר־

פלאַנצטן פעלד צוריק אין דאָרף. מען האָט געזונגען, דער אָר־קעסטער האָט געשפּילט, און ווען מען איז געקומען צו דער דאָרפס־שול, ווו עס זיינען געווען געגרייט טישן מיט אכילה און מיט משקה פאַר די געסט און פאַר די קינדער, האָבן זיך די קינדער איינגעפּלאָכטן איינער אין צווייטן און זיי האָבן זיך אָנגעהייבן דרייען אין אַ פרייליכער „האָרא"...

דערנאָך האָט מען געהאַלטן רעדעס. מען האָט געגעסן און געטרונקען, נאָכאַמאָל געטאַנצט און געזונגען, געקייט אויףביידע באקן און געעפנט פלעשלעך מיט משקה.

נאָר איין יינגל האָט ווייניק געגעסן אין יענעם יום טוב־דיקן טאָג.

אויפגערעגט ביז גאַר איז געווען יענעם טאָג סטעפעק — יעקב גוטמאַן. שווער איז אים געווען די צעשיידונג מיט זיין שטעקעלע, וואָס ער האָט אַזאַ לאַנגע צייט געהאַלטן ביי זיך... דערפאַר ווען ער האָט באַמערקט, אַז זיינע חברים זיינען פאַר־נומען מיטן עפענען פלעשער משקה פאַר זיך און פאַר די געסט, האָט ער זיך שטיל אַרויסגעכאַפּט פון הויף און איז אַוועקגעגאַנגען לאָפּן צום ניי־פאַרפלאַנצטן פעלד...

לאַנג, לאַנג, איז סטעפעק — יעקב גוטמאַן — געשטאַנען ביי זיין שטעקעלע, געגלעט מיט זיינע הענט די זעקס אותיות, געלאָזט אַ טרער, אָפּגעווישט אַ טרער, אַ קוש געטאָן די אור־תיות און אַ פליסטער געטאָן:

— פיר דורות...